לייב סאָברין

# קאָלאָמביאַ דרעס קאָמפּאַני

## און אַנדערע דערציילונגען

קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס-פאַרלאַג
פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן
ניו יאָרק, 1938

# אינהאַלט

# אַ פּאָר ווערטער וועגן סאָברינס מענטשן און אומשטענדן

ליִיב סאָברין איז נאָך גאָר אַ יונגער שרייבער. אָבער פון דעם ערשטן טאָג, וואָס ער האָט אָנגעהויבן שרייבן, האָט ער זיך געשטעלט אויף זיינע אייגענע פיס און זיין ערשטער בוך וואָלט זיך אויסגעצייכנט געקאָנט באַגיין אָן אַ פאָררעדע. אויב אַ פאָררעדע ווערט דאָך געגעבן צום בוך איז צוליב אַ ספּעציעלער אורזאַך, — צוליב דעם ספּעציעלן מאָמענט אין דער געשיכטע פון אונזער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, וואָס זיין ערשטע גרעסערע דערציילונג, „קאָלאָמביאַ דרעס קאָמפּאַני", שפּיגלט אַזוי שאַרף און דראַמאַטיש אָפּ.

ליִיב סאָברין איז אַ שרייבער, וואָס קומט פון דער געדיכטעניש פון דעם אַרבעטער־קלאַס. ער איז אויך איצט אַן אַרבעטער אין שאַפּ. זיין נאַטעקייט צום שאַפּ איז אַ גרויסע מעלה פאַר זיין שאַפן: זיינע מענטשן זיינען ניט אויסגעטראַכטע, ניט קיין צונעפּוצטע, ניט קיין „ליטעראַרישע טיפּן", נאָר לעבעדיקע מענטשן, לעבעדיקע אַרבעטער אין זייער נאַטירלעכער סביבה. זייערע ווערטער און זייערע איבערלעבונגען קומען בײַ אים אַרויס פּונקט אַזוי עכט און ניט־פאַרפּוצט, ווי זייער האַלטונג, ווי די גאַנצע שווערע סביבה, אין וועלכער זיי קומט אויס צו אַרבעטן.

אָבער די זייער גרויסע נאַענטקייט סאָברינס צום שאַפּ ברענגט דערצו, אַז מאָלנדיק דעם שאַפּ, באַציט ער זיך צו אים ניט נאָר ווי אַ קינסטלער, נאָר אפשר נאָך מער, ווי אַן אַרבעטער, וואָס ווערט דאָרטן דירעקט עקס־פּלואַטירט און אָפט באַליידיקט. קאָן ער דערפאַר ניט שטענדיק שטעלן זיך ווייט גענוג פון שאַפּ צו באַטראַכטן אים פון דער געהעריקער פּערספּעקטיוו, צו באַנעמען און איבערגעבן זיין אַלגעמיינעם פּאַרנעם, אָפּגעשיידט פון די קלענערע דעטאַלן. די דעטאַלן, אָפט צופעליקע — אָבער ניט ווייניקער ווייטיקדיקע — דריקן אויפן שרייבער, שטופּן זיך פאָרויס און ציען אָפּ צו זיך די אויפמערקזאַמקייט. נעמט נאָך דערצו אין אַכט די סאָברינס שטאַרקע נייגונג פון איין זייט צום נאַטוראַליסטישן מאָלן פון זאַכן מיט אַלע זייערע כמעט פאָטאָגראַפישע פּרטים, און פון דער אַנדערער זייט זיין אימפּרעסיאָניס־טישן מעטאָד פון שאַפן גרויסע לייוונטן מיט דער הילף פון כמעט זייטיקע

איינדרוקן, וואָס זאַכן, ווערטער, באַוועגונגען מאַכן אויפֿן קינסטלער. פֿון דעם ווערט פֿאַרשטענדלעך פֿאַרוואָס ל. סאָברינס שאַף אין „קאָלאָמביאַ דרעם קאָמפּאַני" איז אַזוי פֿול מיט אַזעלכע דעטאַלן, וואָס היינט קאָנען זיי שפּילן אַ גרויסע ראָלע און מאָרגן קאָנען זיי פֿאַרשווינדן.

פֿון דעם ווערט שוין אויך קלאָר פֿאַרוואָס סאָברינס שילדערונג פֿון דעם קאַמף צווישן די לינקע און רעכטע ווערט באַלעבט מיט אַזוי פֿיל דעטאַלן און קאָנקרעטיזאַציעס.

דער דאָזיקער קאַמף, ספּעציעל אין די נאָדל־אינדוסטריען, אין וועלכע עס זיינען באַשעפֿטיקט הונדערטער־טויזנטער אַמעריקאַניש־אידישע אַרבעטער, איז ניט געווען קיין צופֿעליקער. ער איז פֿאָרגעקומען צוליב געוויסע היסטאָרישע אומשטענדן און האָט אַ געוויסע צייט אָנגענומען ניט־דערלאָזבאַר שאַרפֿע פֿאָרמען, וואָרים ער איז צוזאַמענגעפֿאַלן מיט צוויי קריזיסן מיט־אַמאָל: מיט דעם אַלגעמיינעם עקאָנאָמישן קריזיס פֿון לאַנד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פֿילן אין דער נאָדל־אינדוסטריע נאָך מיט אַ פּאָר יאָר פֿאַרן „אָפֿיציעלן" אויסברוך פֿון דעם אַלגעמיינעם קריזיס; און מיט דעם קריזיס אין דער אַמעריקאַנער יוניאָן־פֿירערשאַפֿט, וואָס איז געקומען אין אַ שאַרפֿן צוזאַמענשטויס מיטן וואַקסנדיקן באַוואוסטזיין און מיט די פֿאָדערונגען פֿון די רענק און פֿייל אַרבעטער אין אַ גאַנצער ריי אינדוסטריען, די נאָדל־אינדוסטריען אריינגערעכנט. דער שאַרפֿער אידעאָלאָגישער קאַמף אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, — אַ קאַמף, וועלכן די רעפֿאָרמיסטישע פֿירערשאַפֿט אין די יוניאָנס האָט געזוכט צו אונטערדריקן מיט גוואַלד, — האָט אין און אַרום די שעפּער אָנגענומען פֿאָרמען פֿון פֿיזישן קאַמף, ממש אויף לעבן און אויף טויט.

דער דאָזיקער פּעריאָד פֿון קאַמף — אַ פּעריאָד, וואָס געהערט שוין איצט, צום גליק, אין זיין גרעסטן טייל און אין ס׳רוב פֿון זיינע פֿאָרמען, צו דער פֿאַרגאַנגענהייט, און ווערט איצט פֿאַרביטן דורך אַ פֿאַראייניקטן פֿראָנט פֿון די אַרבעטער, — געפֿינט זיין ליידנשאַפֿטלעכע אָפּשפּיגלונג אין דער דערציילונג „קאָלאָמביאַ דרעם קאָמפּאַני" און אויסשליסן אים פֿון אונזער זכרון קאָן מען ניט, פּונקט ווי מען קאָן קיין וואָרט ניט אַרויסוואַרפֿן פֿון קיין ליד.

די גרויסע מעלה פֿון ל. סאָברינס שילדערונג אין דער „קאָלאָמביאַ דרעם קאָמפּאַני", פּונקט ווי אין די אַלע אַנדערע דערציילונגען, וואָס גייען אריין אין דעם באַנד, איז וואָס ער גיט אונז ניט נאָר פֿאַרטיקע צושטאַנדן, נאָר ער ווייזט אונז מיט איבערצייגנדיקע קינסטלערישע מיטלען, ווי די צושטאַנדן

זיינען אויסגעוואקסן, האָבן זיך באַפּעסטיקט און ווי און פאַרוואָס זיי האָבן זיך גענומען ענדערן.

אין דער אמתן. אָט האָבן מיר פאַר זיך אַ שאַפּ: „קאָלאָמביאַ דרעס קאָמפּאַני", איינער פון די הונדערטער, פון די טויזנטער שעפּער אין דער נאָדל־אינדוסטריע, איינער פון די צענדליקער טויזנטער שעפּער, פאַבריקן און אונטערנעמונגען אין דער גאַנצער אַמעריקאַנער אינדוסטריע. די אַר־בעטער אין שאַפּ זיינען זייער ווייט פון מלאכים. זיי ווערן ברוטאַל עקס־פּלואַטירט און כאָטש זיי האָבן אַ יוניאָן, אין וועלכער זיי צאָלן דיוס, העלפט זיי די יוניאָן מיט גאָר ניט. פאַרקערט, באַאמטע, וואָס קוקן — לויטן אַלטן מנהג פון דער אַלטפּרענקישער דעגענערירטער „פּיור טרייד־יוניאָן"־פירער־שאַפט פון די אַמעריקאַנער יוניאָנס — אַף זייער אַרבעט, ווי אַף אַ פּשוטער ביזנעס, פון וועלכער מען דאַרף אַרויסקוועטשן וואָס עס לאָזט זיך, אַזעלכע באַאמטע זיינען מיט די באַלעבאַטים אַ סך נעענטער, ווי מיט די אַרבעטער. און ניט אומזיסט...

און די אַרבעטער ווייסן עס און פילן עס אַף זייערע פּלייצעס. דער רעזולטאַט דערפון איז, אַז די אַרבעטער פילן זיך פאַרלאָרן, גלויבן אַז זיי קאָנען זיך אַף קיינעם ניט פאַרלאָזן און האַנדלען יעדער איינער פאַר זיך. באַ אַזעלכע אומשטענדן קוקט יעדער אַרבעטער אַפן צווייטן ניט ווי אַף אַ פריינט און אַ חבר, נאָר ווי אַף אַ קאָנקורענט און אַ שונא, וואָס קאָן יעדן מאָמענט אונטערשטעלן אַ פיסל. אין אַזאַ סביבה פאַרלירן די אַרבעטער ניט נאָר זייער אָנזען אין שאַפּ, נאָר אַפילו זייערע מענטשלעכע נעמען. אָנשטאָט אברהם, משה, חיים, ברוך, אָשר, זעען מיר דעם „טשיינימאַן", דעם „מאָלדאַוואַן", דעם „קאָנסאָמשאָניק", דעם „הערינגמאַן", די „נבלה". עטלעכע נעגער־אַרבעטערנס אין שאַפּ האָבן אַפילו קיין צונעמענישן שוין אויך ניט, וואָרים מיט זיי קריגט מען זיך אַפילו ניט. זיי זיינען פּשוט: „די ניגערטעם". באַ אַזעלכע באַדינגונגען, ווען יעדער אַרבעטער האָט מורא פאַרן צווייטן, זוכט יעדער איינער פון זיי אונטערצולעקן זיך צום באָס. אַז דאָס איז אַ מיאוסע, פּאַסקודנע, שעדלעכע זאַך, וואָס שמעקט מיט פאַר־ראַט בנוגע די איבעריקע אַרבעטער, ווייסן זיי אַליין זיי אויסגעצייכנט. ניט אומזיסט האָט דער „העברייאיש־אידישער פּאָעט", אַ נאַציאָנאַליסטיש־געשטימטער אַרבעטער, וואָס איז אַמפּריינטלעכסטן מיטן באָס, קיין אַנדער נאָמען באַ זיי ניט, ווי „נבלה"; ניט אומזיסט האָבן זיי מער ווי אַלעמען פיינט דעם סקעבישן „טשיינימאַן", וועלכער קלייבט זיך ווערן אַ קאָנטראַקטאָר

באַם באַלעבאָס, אָבער העלפן זיך ווייסן זיי ניט ווי אַזוי. אַזוי לאַנג ווי איינער איז דעם אַנדערן ניט מער, ווי אַ „נבלה", אַ „הערינגמאַן" און אַ „מאַלדראַוואַן", קאָן קיין רייד ניט זיין וועגן סאָלידאַרישקייט צווישן זיי.

אָבער די דאָזיקע פוילע, פאַרפּעסטעטע אַטמאָספער אין שאַפּ, די דאָזיקע פאַרסמטע באַציאונגען צווישן די אַרבעטער זיינען ניט קיין נאַטירלעכע זאַך, נאָר אַן אומגליק, אַ קראַנקהייט, וואָס מען קאָן און מען דאַרף איבערקומען. עס איז נויטיק עס זאָל עמיצער נאָר ווייזן דעם וועג. און דעם וועג ווייזט דזשאָו, דער לינקער, מער־באַוואוסטזיניקער אַרבעטער, וואָס נעמט זיך אָרגאַניזירן דעם שאַפּ. זיין ערשטע פּראָבע פאַלט דורך. ער אַליין ווערט צעמזיקט און אַרעסטירט. די אַרבעטער קערן זיך אום פון דער יוניאָן אין שאַפּ אין דעמזעלביקן צושטאַנד, ווי פריער. קיין זאַך האָט זיך אויסערלעך ניט געענדערט. אָבער ס'איז בלויז אויסערלעך. אין דער אמתן טליעט שוין אין שאַפּ דער גייסט פון רעוואָלט. איין אַרבעטער דערמאָנט זיך, ווי דזשאָו האָט אים געהאָלפן באַ אַ שטיקל אַרבעט. אַ צווייטער אַרבעטער קאָן ניט פאַרגעסן, ווי דזשאָו האָט זיך פאַר אים איינגעשטעלט. זיי אַלע דערפילן, אַז ס'זיינען פאַראַן צווישן די אַרבעטער מענטשן, וואָס קאָנען זיך שטעלן קעגן דעם באָס, וואָס האָבן ניט מורא פאַר קיין גענגסטערס, וואָס טראַכטן ניט בלויז וועגן זיך און וואָס זיינען גרייט מקריב זיין זיך פאַרן כלל.

עס נעמט ניט לאַנג און אין שאַפּ קומט פאָר אַ נייער רעוואָלט. און אינטערעסאַנט איז, אַז עס באַקומען דערביי לשון גראָד די שטומסטע פון שאַפּ, דער „הערינגמאַן" און דער „קליינער איטאַליענער", פון וועלכע מ'האָט פריער קיין וואָרט אפילו ניט געהערט. אפילו „די נבלה", וואָס האָט שטאָל־צירט מיט זיין אידעאָלאָגישער שותפות מיטן „אויפגעקלערטן" ציוניסטישן באָס, — אפילו ער רעוואָלטירט אויך און וואַרפט דעם באָס צוריק אין פּנים „זיין" ציוניזם, „זיין" העברייאיש און „זיין" ביאַליקן. דאָס מיינט ניט, אַז דער אַרבעטער איז פּלוצלונג געוואָרן באַוואוסטזיניק. ער כאַפּט זיך בלויז, אַז ער מיטן באַלעבאָס קאָנען ניט זיין קיין פּאָר־קליידער און ער וואַרפט אים די „שותפות" צוריק אין פּנים אַריין. דורכדעם אַליין הערט ער אויף צו זיין „די נבלה". ער הויבט זיך אָן דערנעענטערן צו די איבעריקע אַרבעטער. ער איז גליקלעך, וואָס זיי רעדן צו אים ווי צו אַ גלייכן. ער וויל זיי אויך זאָגן עפּעס אַזוינס, פאַר וואָס אים קלעקן ניט קיין געוויינלעכע, גוטע, אַרבעטערשע ווערטער. אָבער ער איז שוין אַן אַנדערער. און אין דער יוניאָן פרעגט ער שוין: צי קאָן מען זיין אַ גוטער קאָמוניסט

און פארבליבן „נאציאָנאַל־געזאָנגען". אין דעם מענטשן הויבט זיך אָן אַן אידעאָלאָגישע איבערקערעניש. דאָס בלוט פון די ארבעטער, וואָס די באַלע־באַטים און זייערע געגנסטער האָבן פארגאָסן, שמידט צונויף דעם שאָפ פאר א נייעם לעבן און נייע קאַמפן.

אָט אַזוי מאָלט ל. סאָברין זיינע העלדן. זיינע העלדן זיינען ניט די, וואָס שטייען אויבן און ניט די, וואָס טוען באוואוסטזיניק העלדישע זאכן. זיינע העלדן זיינען די, וואָס „זיצן אין חושך און אין שאָטן פון טויט", און וואָס הויבן זיך אָן שווער אויפכאַפן און אויסרייבן די אויגן אין דעם שווערן, כמורנעם פארטאָג.

אין „קאָלאָמביאַ דרעס קאָמפּאַני" כאַפּן זיך באַ אים אַזוי אויף „די נבלה", דער „מאַלדאַוואַן", דער „העריגגמאַן" און דער „קליינער איטאַליע־נער"; אין דער דערציילונג „אַפן ניכטערן הארצן" כאַפּט זיך אַזוי אויף סעם דער עקספרעסמאַן, וואָס זעט ווי מען ווארפט ארוים מיט גוואַלד אָרימע לייט פון זייערע וואוינונגען; „אין אַן ערב־ווינטערדיקן טאָג" כאַפּט זיך אַזוי אויף, ווי פון א שווערן חלום, דער ארבעטלאָזער דזשעק, וואָס ברעכט אָן די ביינער דעם פאָרמאַן, וואָס האָט אים באַליידיקט. און אַזוי אין אַלע זיינע דערציילונגען.

די פאָררעדע איז ניט קיין פּלאַץ פאר א גענויער קריטיק פון ל. סאָברינס ארבעט, פאר דער אָנווייזונג פון אַלע זיינע חסרונות און מעלות. איך האָב דאָ געוואָלט אָנווייזן בלויז אַף א וויכטיקן שטריך, אַף דעם רויטן פאָדעם, וואָס גייט דורך דורך אַלע זיינע ווערק: דער מענטש, דער דערדריקטער און געשטיקטער, כאַפּט זיך אויף און פאָדערט זיין רעכט אין לעבן. די אומשטענדן אונטער וועלכע ער טוט עס זיינען בלויז דעטאַלן, אמאָל שטענדיקע און פעסטע, אמאָל פארבייגייענדיקע.

משה כץ.

# קאָלאָמביאַ דרעם קאָמפּאַני

## קאַפּיטל איינס

### I

אין זומערדיקע שפּעטע פאַרנאַכטן, ווען די פאַרגייענדיקע זון לאָזט איבער אף ברודיקע שויבן פליאַמעס פון צעשמאָלצענעם קופּער; און עלעקטרישע לאָמפּן קוקן שוין מיט געלע אויגן און וואַרטן ס׳זאָל שוין אמאָל פינצטער ווערן, — דעמאָלט דערהערט מען אין אָט־די גאַסן, וואָס הייסן „גאַרמענט־צענטער“, ווי טויזנטער ניי־מאַשינען רייסן איבער זייער מידן געזאַנג אין די פיל־שטאָקיקע מויערן און ווערן ביסלעכווייז אַנטשוויגן.

טרעפט זיך אמאָל:

אין אַ שפּעטן פאַרנאַכט אַזאַ, רוישן נאָך אַלץ די מאַשינען ערגעץ אפן דריטן שטאָק, אין אַ געל־געפאַרבטן מויער. אַ איד, אַ נידעריקער, אַ גראָבלעכער, מיט אויפגעבלאָזענע הוילע באַקן וואָס ציטערן באַ יעדער באַוועגונג זיינער; אַ איד מיט אַ פאַפּירענער יאַרמעלקע אפן קאָפּ, הויבט זיך אויף אין יענעם שאַפּ פון לעבן זיין מאַשין וואָס איז די לעצטע אין דער ריי; ער גיט אַ פּאַטש מיט די הענט ווי אַ האָן מיט די פליגלען פאַרן קרייען, און שרייט אַריבער צו אַן אַנדער אָפּערייטאָר, וואָס זיצט אין דער אַנטקעגנדיקער ריי, נאָר אין אַן אַנדער עק:

— ברודער טשערמאַן, מ׳עט היינט אַרבעטן אָבערטאַים?

דער „ברודער טשערמאַן“ ענטפערט ניט. ער הויבט אויף דעם קאָפּ, גיט אַ קוק צום אַנטקעגנדיקן אָפּערייטאָר, טוט אַ טאָרע מיטן עלנבויגן דעם שכן זיינעם און הייבט אָן זוכן עפּעס אין דער קאָרעטע, וואָס איז צוגעקלאַפּט צווישן ביידע רייען מאַשינען.

דער ערשטער רופט זיך אָפּ דער „מאָלדאַוואַן“:

— טשיינימאַן, שאַראַפּ!

נאָכדעם שרייען שוין אַלע מיט אויפגעלייגטע קולות:

— טשיינימאַן, אַ בראָך צו דיר!

— אַ קאָרטש אין דיינע הענט!

— אַ כאַליע־ע־עריע!

פּלוצים טוט דער ברודער־טשערמאַן אַ וואָרף אַ קנויל, וואָס איז צונויפגעבונדן פון אַלערליי קאָלירן שמאַטעס, און טרעפט אים גלייך אין פּנים:

— ט׳האָסטו דיר אַבערטאַים!

דער גאַנצער שאַפּ שיסט אויס אין אַ געלעכטער, ווי ווער ווייסט וואָס פאַר בריהשאַפט דער טשערמאַן האָט דאָ באַוויזן:

— כי־כי, גוט געטאָן, מיסטער גראָס, זאָלן מיר שוין אַזוי געזונט זיין, כי־כי!

אפילו דער קאַטער, וואָס טאָפּטשעט אַ גאַנצן טאָג, מיט זיינע איינגעפּלאַטשטע פיאַטעס, לענגאויס דעם „קאַטינג־טעיבל", אפילו ער לאַכט אויך, פאַררייסנדיק דערביי דעם קאָפּ ווי אַ גאַנדז, בעת זי טרינקט וואַסער. ער פאַרלירט דעם ציגאַר, וואָס ער האַלט אין איין קייען אַ גאַנצן טאָג, פּאַטשט זיך מיטביידע הענט איבער די ליטקעס און פאַרגייט זיך אין אַ דין קוויטשיקל:

— איכ־יע־כיע־כיע! אוי, מיינע קישקעס! כ־יע־כיע־כיע!

ס׳דוכט זיך: דעם קאַטער האָט דער שלאָק געטראָפן.

באַלד אָבער דערמאָנט ער זיך, אַז ער איז אַ קאַטער און אַז „די מעין ריספּאָנסיבּיליטי" ליגט אַף אים. ניין, אַ קאַטער טאָר ניט לאַכן פון אַפּערייטאָרישע חכמות. אַ קאַטער איז היינט־מאָרגן אַ דעזיינער — און אַ דעזיינער איז שוין כמעט אַזאַ יחוס ווי אַ באַלעבאָס.

ס׳איז שוין אָבער פאַרפאַלן. דער שאַפּ קאָן שוין ניט איינצאַמען ס׳געלעכטער.

באַ די מיידלעך איז די דרעיפּערן די פירערן — און אַז די דרעיפּערן לאַכט, לאַכן אויך די פינישערנס און עקזאַמינערנס.

די אָפּערייטאָרס, וואָס קוקן אַלע מאָל פון אויבן אַראָפּ אַף די מיידלעך, ווייל „כ׳ווי, אויך מיר אַן אַרבעט פינישן אַ פאַרטיקן גאַרמענט", ווערטלען זיך איצט מיט די מיידלעך און צעהיצן נאָך שטאַרקער ס׳געלעכטער. סעם דער „מאָלדאַוואַן" דערפילט זיך אַזוי גוט, אַז ער הייבט אָזש אָן אויספּאַקן זיינע באַפּעפערטע ריידעלעך, וואָס ליגן באַ אים סיי־ווי ניט צו שטאַרק פאַרפּאַקט:

— ראָזי, — שרייט ער צו דער דרעיפּערן, — ראָזי, לאָך ניט אַזוי

שטאַרק, ס'טעך נאָך באַפּי . . .

און כדי מ'זאָל חלילה ניט מיינען, אַז מער קען ער ניט, וואַרפט טאַקע באַלד אַרויס זיין צינגעלע אַן אַנדער חכמה :

— אוי, טאַטקעלעך מיינע ! קוקט נאָר ווי די מויד האָט צענומען אַ פּאָר . . . ליפּן און לאַכט !

איינער נאָר אין שאַפּ לאַכט דאָ ניט.

דער פּרעסער, אַ הויכער, קרעפּטיקער מאַן מיט אַ געשטופּלטער נאָז — אַ נאָז, וואָס ליידט תמיד פון אַ קאַטער און וויל קיינמאָל ניט טרוקן ווערן, אַזש ס'דוכט זיך אָפּט : אין יעדער שטופּעלע אַף אָט־דער נאָז ליגט אַ קליין קאַטערל באַהאַלטן, און ווי נאָר אַן אַלטער, אויסגעפּראָוווטער קאַטער קען שוין מער קיין קונצן ניט ווייזן, דרינגען אַריין עטלעכע קליינע קאַטערלעך דורך די שטופּלען אין דער נאָז און הייבן אָן פּראַוועון ווילדע שטיק — ער קוקט איצט, דער פּרעסער, מיט זיינע גרינע־קעצישע אויגן אַף די דריי נעגערשע מיידלעך, זיינע אַרויסהעלפערנס, און הייבט אַ דערשטוינטער די אַקסלען :

— אַ בראָך צו זיי, וואָס איז דאָ ס'געלעכטער ?

און נאָך עפּעס :

— דעם „טשיינימאַן" וועט ער מוזן אָנברעכן די ביינער, זאָל ער אויפהערן פּראַוועון קורווישע שטיק !

ער, דער פּרעסער, האָט זיך זיין חשבון :

דער „טשיינימאַן" וויל דאָך געוויס ווערן טשערמאַן אין שאַפּ (אַ מת אַ גוטער וועט ער באַ אים ווערן !). מיטן „טשיינימאַן" וועט ער ניט קענען מאַכן קיין יד־אחת. ער וועט מוזן צאָלן דיוס און דער עיקר — ער וועט אים די שיקסעס ניט לאָזן האַלטן. נישקשה, ער ווייסט, דער פּרעסער, פאַרוואָס דער „טשיינימאַן" איז אַזאַ גוטער יונימאַן און קומט ניט אַריין שבת אין שאַפּ. ער מיינט, אַז ער קען אים, דעם פּרעסער, בלאָפן, ווי ער בלאָפט דעם באַלעבאָס, און דערציילן אַ מעשה, אַז ער אַרבעט ניט שבת. אַ נייער גוטער־איד האָט זיך געפונען ! ער מיינט, מ'ווייסט ניט אַז שבת אַרבעט ער אין אַ „טעילאָר־סטאָרקע" ? ! ס'אָדייט, אים, היימי דעם פּרעסער, קאָן מען ניט בלאָפן — ניט באַ מאָטיען !

און אַז ס'געלעכטער ווערט סוף־כל־סוף איינגעשטילט, און אין שאַפּ הערט זיך שוין ווידער נאָר דאָס רויש פון די ניי־מאַשינען און דאָס זשומען פון דער שנייד־מאַשין, ווי ס'וואָלט אין אָט־דער מאַשין מיטן קיילעכיקן

מעסער אַ גאַנצער בין־שטאָק מיט בינען זיך פֿאַרקליבן און זיך דאָרט גע־קוויקט מיט אַ גוט ביסל האָניק, — דעמאָלט זיצט דער „טשיינימאַן" בײַ זײַן מאַשין, מיט אַן אויסגעבויגענעם רוקן, ווי אַ קאַץ אױף אַ פּלויט איידער זי שפּרינגט אַרויף אױפֿן דאַך. ער זיצט פֿאַרטיפֿט אין זיך, פֿינטלט מיט די וויעס פֿון זײַנע שמאָלע־קליינע אייגעלעך און טראַכט פֿון עפּעס אַ זאַך — זייער אַ נויטיקער זאַך.

דער שטאָך, טראַכט ער, איז אים היינט ניט געלונגען, טאַקע גאָרניט געלונגען. דער שאָפּ איז מיט אים, מיטן „קאָנסאָמשאָניק". איז אַזוי: זאָל ער זיי איצט זאָגן, אַז דער ביזנעס־איידזשענט האָט אָפּגעמאַכט אַ „דיל" מיטן טשערמאַן און מיטן פּרעסער, אַז ער, דער טשערמאַן, זאָל קאָלעקטן די דיום, אַליין ניט צאָלן און דעם פּרעסער אײַנגאַנצן ניט באַדערן? זאָל ער זיי דאָס דערציילן?

איז וואָס־זשע וועט ער האָבן דערפֿון?

חברה וועלן דאָך האָבן טענות צו אים:

„אויב דו האָסט יאָ געוואוסט, דו פֿאַרך אײנער, וואָס־זשע האָסטו ביז איצט געשוויגן?"

און נאָך אַ זאַך:

פֿאַר אַ טשערמאַן וועלן זיי אים נאָכדעם, אָט דערפֿאַר־אָ, סײַ־ווי ניט אויסקלייבן — איז ווידער די זעלבע מעשה:

וואָס וועט אים אַרויסקומען דערפֿון?

אַפֿנים, דאָס שטיקל אַרבעט, וואָס ער האָט געהאַלטן אױף דער מאַשין, איז אים שוין אינגאַנצן ניט געלעגן אין קאָפּ. וואָרים די הענט זײַנע האָבן זיך פֿוילבלעך געפּאָרעט אױף דער מאַשין און דאָס שפּיציקע בערדל זײַנס, וואָס האָט אין דער יוגנט פֿאַרגעסן וואַקסן אױף די באַקן און זיך ערשט העט־שפּעטער געכאַפּט אַז מ׳קאָן אָנהייבן וואַקסן גלײַך פֿון דער גאָמבע, האָט זיך איצט עפּעס אַזוי קונציק פֿאַרדרייט אַרויף־צו און פֿאַרקראָכן מיטן שפּיץ גלײַך צו אים אין מויל.

טאַקע, אַ שווערער, זייער אַ שווערער געדאַנק האָט איצט זײַן מוח געדריקט:

גראָס דער „קאָנסאָמשאָניק" מוז ווערן אויס טשערמאַן און ער, אָשר צווייגמאַן (זאָל זײַן דער „טשיינימאַן") מוז ווערן טשערמאַן.

„ביסט אָפּגעוווען דריי ציזנס אַ טשערמאַן? גיב אַ טשענס נאָך עמיצן!"

אַזוי וועט ער אים מאַקע זאָגן מאָרגן, ווען ער וועט אים נאָכאַמאָל פּאַרטשעפּען. איז אָבער אַ צרה:

„טאָמער וועט אים דער ביזנעס־איידזשענט און דער באַלעבאָס ניט וועלן אָנערקענען?"

האָט ער אַן עצה:

ער, אָשר צווייגמאַן, דער צוקונפטיקער טשערמאַן, וועט אויך זיין איינער אַליין די „פּרייז־קאָמיטע", ווי גראָס איז איצט. און אויב ער, אָשר, וועט זיין אי דער טשערמאַן, אי די קאָמיטע — איז דעמאָלט „יונאָ" . . .

חוץ דעם האָט ער אַ פּלאַן, אַ גאָלדענעם פּלאַן: ער האָט אַ שוואָגער, איז ער אַ פּרעסער. האָט ער, דער שוואָגער, דער פּרעסער, אַ פּאָר גאָלדענע הענט. זאָל ער אַזוי געזונט זיין, אַ פּאָר גאָלדענע הענט. קאָן מען טאָן אַזוי: היימין וועט מען אַרויסוואַרפן (ס'טויג ניט זיין אַרבעט) — און זיין שוואָגער וועט מען אַריינגעמען. איז איינמאָל אַוועק. די שיקסעס וועלן אַרבעטן „אינדיפּענדן", פּאַרשטייט זיך, אונטער דעם פּרייז (זיין „אינדיפּענדן" קאָסט געלט!). דערפּאַר וועט די יוניע זיי מאַכן פּאַר יוניעלײַדים, וועלן זיי באַצאָלן פּאַר ביכלעך, אַ ספּעשל טעקס וועט מען אַף זיי אַרויפלייגן און זיי וועלן צאָלן רעגעלע דיום.

האָבן זיי צו אים עפּעס?

פון אָט דעם גאָלדענעם פּלאַן זיינעם, שפּרינגט אים אַזש אַרויס דאָס בערדל פון מויל און די הענט זיינע הייבן זיך אָן וואַרפן לעבעדיקער אַף דער מאַשין. פון זיינע אַלע אברים שפּאַרט אַרויס אַצינד אַ פרייד. די פרייד זיינע איז איצט אומרואיק און שפּרינגט אַרום אין זיין האַרצן ווי אַ לאָשעק, וואָס מ'האָט צום ערשטן מאָל אין פרילינג אַף דער לאָנקע אַרויס־געלאָזט.

— ראָזי! — גיט ער אַ געשריי שוין גאָר אָן אויפגעלייגטער, — ראָזי, אַנו גיב נאָר אַ זינג דאָס לידל וואָס מ'זינגט אין אידישן טיאַייטער, אָט דאָס לידל, ווי הייסט עם דאָרט, „אָטשי טשאָרניאַ". אָדער שאַ, זינג בעסער „שוואַרצע נאַטאַשאַ".

— ס'אַ משל! זאָל בעסער סעם זינגען „אין אָדעס אַף דער מאָלדאַ־וואַנקע"!

— אדרבא, כ'זאָג דען אַז ניט? אַנו, סעם, גיב נאָר אַ זינג ווי דו קענסט!

סעם וויל אָבער איצט ניט זינגען. ער וויל דווקא דער „טשיינימאַן"

זאָל זינגען. ער צערעפּעט דאָס מויל, שטשירעט די געלע ציין און ווינקט מיט אַן איינגל צום פּרעסער:

— ניין, זאָל בעסער דער „טשיינימאַן" זאָגן עפּעס אַ חזניש שטיקל, עפּעס אַ גוטס. נישקשה, ער קען, ניט אומזיסט איז ער אַלע שבת אַ בעל־תפילה ערגעץ אין אַ שולעכל. „טשיינימאַן", לאָז זיך ניט בעטן!

אודאי וועט דער „טשיינימאַן" זיך ניט לאָזן איצט בעטן. ער ווייסט: דער געשטופּלטער היימי קאָן באַלד אַרויסשפּרינגען פון דער העלער הויט און זאָגן אין וואָס פאַר אַ שולעכל ער איז שבת אַ בעל־תפילה... מער פעלט אים ניט. חוץ דעם וויל ער זיך איצט מיט קיינעם ניט קריגן. מיט סעם דעם „מאָלדאַוואַן" אודאי ניט. סעמען דאַרף ער האָבן, ער וועט אים קענען נוצן.

כדי מ'זאָל ניט פאַרדעכטיקן, אַז ער האָט פאַר עפּעס מורא, און אַז מ'האָט אים ערשט־אָ אַ שטאָך געטאָן אין דער זיבעטער ריפּ, גיט ער אַ הילכיקן און גרינטלעכן שנייץ אויס די נאָז און גיט אַ פּאָר מאָל אַ הוסט טאַקע מיט אַן אמת־חזניש הוסטעלע:

— נו, מילא, אַז קהל וויל איז'עך ניט שייך.

— אוי, ווי מיר, אַמע—שאַלע—שים טרייליליי—לע, טרייליליי־לע, טריי!

און מיט אַ קוויטש:

— ליי—כו, קעדי—ישו!

די אָפּערייטאָרס העלפן אים אַרויס מיטן „טרייליליי" ווי געטרייע משוררים. דער באַלעבאָס לויפט אַרויס פון אָפיס אין שאַפּ אַריין אַ מוראדיק ברוגזער. ווען ער קומט אָבער צו נאָענט צום „טשיינימאַן", שטעלט ער זיך אַוועק הינטער אים, פאַרגעסט זיך און האַלט שוין אויך אונטער אַ טאָן. אַז מ'ענדיקט, גיט זיך דער „טשיינימאַן" אַ דריי אויס צו אים:

— נו, מיסטער סיגל, ווי געפעלן אייך די לצים?

דער באַלעבאָס צענעמט נאָר די הענט און גייט אַוועק. אַז ער איז שוין בײַ דער טיר פונעם אָפיס, דרייט ער זיך אויס און גיט אַ זאָג:

—אַ רעגעלע משוגעים־הויז, ווי'ך בין אַ איד, אַ רעגעלע משוגעים־הויז.

נאָכדעם, אַפּדערגאַכט, ווען מ'גייט שוין אַהיים פון דער אַרבעט, גייט דער „טשיינימאַן" פּאַריטש מיטן „מאָלדאַוואַן" און גיט אים, דעם „מאָלדאַוואַן", צו פאַרשטיין:

— ער פאַרשטייט? ער וויל פון אים אַ קליינע טובה. די טובה דאַרף

דאָך אים, סעמען, קיין געלט ניט קאָסטן. ער פאַרשטייט? ס'א מעשה דערביי: גאָר איינגיכן פראַוועט ער זיין זילבערנע חתונה. ווייל ער זיין ווייב, יונאַ, סורפּרייזן. חוץ די פּרעזענטן, וואָס ער וועט איר קויפן, וויל ער איר אויך ברענגען אַ פּרעזענט — אַ טשערמאַן פאַר אַ מאַן. ס'דאַרף אים, סעמען, גאָרניט קאָסטן, וואָס אָרט עס אים? יאָ, שיר ניט פאַרגעסן: זאָל ער ניט פאַרגעסן זיך אָראָפּכאַפּן צו אים איבעראַכטאָג זונטיק. גרינע זיינען פון יוראָפּ געקומען, וועט זיך פּעמעליע צונויפקומען און זיך אַ ביסל, יונאַ, ענדזשאָיען. אַ ביסל גוטן סקאַטש האָט אים זיין קאָזין, דער דענטיסט, גע־בראַכט, וועט שוין אודאי זיין פריילעך. זאָל ער טאַקע ניט פאַרגעסן און למען־השם קומען. ס'אָרייט, ער קען קומען מיט סערקע דער פינישערן. אזא יאָר אַף אים, וואָס פאַר אַ מיידל סערקע איז. נישקשה, ער מעג שוין, סעם, אַ קלער טאָן פון תכלית; ס'איז שוין, זאָל ער אַזוי לעבן, צייט. ער איז זיינע יאָרן, נו־נו . . .

שוין שפּעטער, אין דערהיים נאָכן עסן, צענעמט ער פּאַוואָלינקע זיין פּלאַן בא זיך אין קאָפּ און קוקט אים איבער נאָכאַמאָל:

דעם „מאַלדאַוואַן” האָט ער גוט באַארבעט, — ער איז זיינער. און אז ער איז זיינער, איז סערקע די פינישערן אויך מיט אים. סערקע וועט אַרבעטן צווישן די מיידלעך און סעם צווישן די אָפּערייטאָרס. דעם קאַטער האָט ער אין דר'ערד, דעם פּרעסער אודאי, און דעם טשערמאַן, אָט־דעם נמאַסן „קאָנסאָמשאָניק” — אודאי און אודאי. בלייבט אים, הייסט עס, איבער דער ביזנעס־איידזשענט און דער באַלעבאָס, — וועט ער שוין צו זיי אויך אַטענדן.

— גאָסי, טאָכטער, אַנו שפּרינג נאָך אַראָפּ און ברענג דעם פּאַפּע פאַר אַ ניקל אייזקרים! האַריאָפּ, כ'ל דיר אויך געבן אַ לעק!

## II

זומערדיקע טעג קאָנען זיך מיט ניו יאָרק ניט געזעגענען. כאָטש ס'איז שוין העט ווייט נאָך סעפּטעמבער, שטייען נאָך פונדעסטוועגן שיינע, זוניקע טעג. אין שטאָט איז שוין מער ניט היים. קילע ווינטעלעך יאָגן זיך ארום איבער די גאַסן. דער אַספאַלט ווערט שוין פון היץ ניט צעשמאָלצן. פון די פּאַרקן ווערן אין צענטער פון שטאָט פאַרשלעפּט געלע־אָפּגעפאַלענע בלעטער.

זיי וואַלגערן זיך, די בלעטער, אַף די ברוקן לעבן די ראַנדן פון די טראָטואַרן און דערציילן פון בליענדיקע פרילינג־טעג, פון ניו יאָרקער שטיקנדיקע זומער־נעכט און פון אַ ווינטער וואָס וועט סוף־כּל־סוף קומען. ס'קוקט זיך אָבער קיינער ניט אום אַף זיי. אין די פּנימער פון די מענטשן, וואָס גייען דאָ מיט איילקע טריט, ליגן, דוכט זיך, פאַרבאָרגענע שמייכלעך, וואָס ענטפערן ביטולדיק די בלעטער:

„ווייסיך, זאָל מען נאָר דערלעבן איבעראיאָר — גרינע בלעטער וועט מען פלענטי זען!"

גוט איז אָבער צו אַרבעטן אין אַזעלכע טעג. ברודיקער שוויס קלעפּט מער ניט די העמדער צו צעפאַרעטע לייבער. די הענט פילן זיך ניט פאַר־שלאָפן און פויל. זיי רירן זיך געשיקט און לעבעדיק אַף דער מאַשין.

אין שאַפ, אַפן דריטן שטאָק, אינעם געל־געפּאַרבטן מויער, האָט זיך פאַרן זומער גאָרניט געביטן. דער „קאָנסאַמפּשאָניק", מיסטער גראָס, איז נאָך אַלץ טשערמאַן. דער „טשיינימאַן" מיט די שמאָלע שוואַרצע אייגעלעך, קלייבט זיך נאָך אַלץ ווערן טשערמאַן, און דער געשטופּלטער פּרעסער היימי לײדט נאָך אַלץ פון זיין קאַטער. פאַרקערט, דער קאַטער האָט זיך באַ אים פאַרשטאַרקט און האָט זיך אַזש פאַרקליבן אין זיינע גרינע קעצישע אויגן.

„העי־פיוועך", זאָגט ער, איז דאָס.

אַ פּאָר „קליינקייטן" האָבן זיך יאָ געביטן אין שאַפּ:

באַ די אָפּערייטאָרס האָט מען אַראָפּגענומען „אַ פּאָר סענט" פון אַ גאַרמענט, צוגעגעבן מער אַרבעט צום גאַרמענט, אַזוי אַז די פינישערנס זיצן אָפּט ליידיק... „אַ קלינעם דזשאָב" וויל איצט דער באַלעבאָס. ער וויל ניט האָבן „צופיל פינישינג".

נאָך עפּעס האָט זיך געביטן אין שאַפּ:

מיסטער סיגל, דער באַלעבאָס, האָט צוגענומען אַ שותּף צו זיך. „ער איז שוין צו אַלט צו אַטענדן אַליין די ביזנעס."

דער נייער באַלעבאָס, מיסטער רובין, טראָגט פּענסנע אַף זיין איידעלער, שמאָלער נאָז. אַליין איז ער אויך עפּעס איידל און שמאָל. ער האָט שמאָלע אַקסלען, אַ שמאָלע נאָז, אַ שמאָלן קאָפּ און אַפילו זיינע געצאַצקעטע רייד זיינען אויך שפּיציק און שמאָל — זיי שפּאַרן זיך מיט אַ מין שטאָך אין די אָפּערייטאָרשע אויערן אַריין.

אין שאַפּ אַריין קומט ער אַלעמאָל מיט אַ ביכל אין האַנט. אַמאָל מיט עטלעכע מיטאַמאָל. מיט דער „נבלה", וואָס האָט אַ פּנים פון אַן איבער־

געוואַקסענער אונגערקע, וואָס איז פאַרברוינט געוואָרן פון דער זון, רעדט ער וועגן וועלט־ליטעראַטור, אַז „אָפּקאָם ביאַליק איז איינער פון אונזערע גרעסטע מחברים". יענער, די „נבלה", וואָס איז אַ הייסער ציוניכט, פאַרכלינעט זיך אַזש פונעם באַלעבאָס רייד; ער רייסט אָפּט אויס אַ קוויטאַנציע פון אַ ווייס ביכעלע, וואָס האָט אויף די טאָוולען אַ בלויען מגן־דוד, און גיט זי אַוועק דעם באַלעבאָס. דער באַלעבאָס באַצאָלט אים דערפאַר אַ דאַים און אַמאָל אַפילו אַ גאַנצן קוואָדער.

ווייטער רעדט מען שוין פון דער „גויאישער" און פון דער „גלות"־ליטעראַטור. מ'קרעכצט אויף די אידן פון „גלות" און דער עיקר, אויף די אידן פון „רוסלאַנד", וואו „אידישקייט גייט אונטער"...

וועגן קריזיס רעדט אָבער דער באַלעבאָס ניט מיט אים. דאָס רעדט ער שוין מיט אַלע אַרבעטער — כאָטש ער האַלט, אַז זיי, די אַרבעטער, „האָבן נאָך ניט דערגרייכט די נויטיקע אינטעליגענץ זיי זאָלן אים קענען פאַרשטיין". נאָר ער ווייסט: „ס'איז נאָענט דער טאָג, ווען קאַפּיטאַל און אַרבעט וועלן זיך פאַראייניקן און סאָציאַליזם וועט ווערן די הייליקע אמונה פון דער גאַנצער ציוויליזירטער מענטשהייט"...

ניין, וועגן קריזיס רעדט ניט דער נייער באַלעבאָס מיט דער „נבלה". ער רעדט וועגן דעם מיטן גאַנצן שאַפּ. ס'לעצטע מאָל, ווען ער האָט באַ די אַרבעטער אַ שניט געטאָן „אַ פּאָר סענט" אויף אַ גאַרמענט, האָט ער גערעדט מיט זיי וועגן קריזיס און וועגן דער שווערער צייט, וואָס האָט „אונז אַלעמען" געטראָפן.

אַ שעה פאַר מיטאָג האָט מען אָפּגעשטעלט דעמאָלט די עלעקטריק. אויף די מאַשינען האָבן זיך באַוויזן אַ פּאָר פלעשלעך בראָנפן מיט פּאַפּירענע בעכערלעך. לעבן טשערמאַן איז געלעגן אויף אַ ציכטיקער סאַלפעטקע אַ ביסל קיילעכיקע און דריי־עקיקע איטאַליענישע לעקעכלעך, וואָס זיינען געווען באַשיט מיט ראָזעווע, גרינע און געלע צוקערנע ווערימלעך. דער באַלעבאָס, מיסטער רובין, האָט געטרונקען צו אַלעמען לחיים און געהאַלטן אַ שיינע דרשה. טאַקע גאָר אַ וואַזשנע דרשה. ער האָט גערעדט אַזעלכע שיינע, הויכע רייד, ווי „דהי דעוועלאָפּמענט אָוו אָנעמפּלאָימענט" און „סטאַנדאַרד אָוו פּראָדאָקשאָן". די „נבלה" האָט גאָר אָנגעקוואָלן. דער טשערמאַן האָט צו־געשאָקלט מיטן קאָפּ.

ס'האָט געהייסן:

מיט אַזאַ באַלעבאָס קאָן מען שוין ניט פאַרפאַלן ווערן. אַזאַ באַלעבאָס

קאָן קריגן ארבעט אפילו אונטער דער ערד. דאַרפן מיר מיט אים אודאי אַלע מסכים זיין. מיטן פּרייז וועט מען שוין ווי ס׳ניט איז דורכקומען — אבי נאָר ארבעט.

נאָכן באַלעבאָס האָט גערעדט דער ביזנעס־אייזדשענט. אמת, ניט אזעלכע שיינע, הויכע רייד — אָבער דערפאַר האַרציקע...

ער האָט זיי דערציילט, אַז זיין יוניאָן גייט זיי, די ארבעטער, אנטקעגן; אַז זי זוכט זיך ניט צו קריגן מיט די באַלעבאַטים, ווייל „מיר לעבן היינט אין אַנדערע צייטן, און סטרייקן סטרייקט מען היינט באַם גרינעם טיש און מ׳מאַכט אויס, בעליוו מי, בעסער ווי אַמאָליקע יאָרן, ווען מ׳האָט געסטרייקט אין די האָלס.״

נאָך האָט ער זיי דערציילט:

— די טראָבל־מאַכער האָט מען שוין אינגאַנצן פארטריבן פון טרעיד און די יוניאָן איז איצט אַן אמתע אָר־ר־רבייטער־ר יוניאָן, אַ שטאַר־ר־רקערע יוניאָן ווי ווען ניט איז בעפאָר! יעדער ארבעטער קאָן איצט זיצן אין שאָפּ און טרייען פאַר אַ לעבן, ניט מורא־האָבנדיק אַז לינקע וועלן אים באַדערן!

נאָך די שיינע דרשות האָט דער באַלעבאָס מיט אַ בלישטש פון אַ גלעזל פון זיינע פּענסנע (אָפּנים אַ וואונק אַזאַ מיט אַ וויע) אריינגערופן דעם ביזנעס־אייזדשענט אין אָפיס. אין אָפיס האָט ער מיט אַ קלינגענדיקן קנאַק אויפגעעפנט זיין זילבערנע ציגאַרעט־פּושקע און אונטערגעטראָגן דעם יוניאָן־טוער. יענער האָט אים באַדאַנקט: ניין, ער רויכערט ניט קיין ציגאַרעטן, ציגאַרן רויכערט ער; זאָל מיסטער רובין, אדרבא, פּאַרזוכן זיינעם אַ ציגאַר, ס׳איז דער בעסטער „בּרענד״ פון די האַוואַנאַ־ציגאַרן. — אַ דאַנק, מיסטער רובין רויכערט ניט קיין ציגאַרן — ס׳פּאַרדרייט זיך אים דער קאָפּ פון אַ ציגאַר. נאָר זאָל מען בעסער איבערגיין צו ביזנעס. צייט, ווי זאָגט מען, איז געלט.

ער ווייזט דעם ביזנעס־אייזדשענט מיט אַ פינגער אַף אַ בענקל, זעצט זיך אַליין אוועק לעבן טיש, עפנט אויף דעם טשעק־בוך און הייבט אָן דאָרטן שרייבן. אַז ער ווערט פאַרטיק, גייט ער צו צום קליינעם פענצטערל, שפּאַרט אָן דאָס פּנים אָן די מעשענע גראַטעס און שרייט אריין אין שאָפּ:

— מיסטער סיגל, מיסטער סיגל, פּליז, קומט אריין אין אָפיס פאַר אַ מינוט!

מיסטער סיגל, דער ערשטער באַלעבאָס, לאָזט זיך לאַנג בעטן. ער ווייסט אַף וואָס מ׳דאַרף אים האָבן, איילט ער זיך ניט. נאָר אַז ער קומט

שווין אריין, לאָזט ער זיך גלייך צום טיש, קוקנדיק דערביי ברוגזלעך, דאָ אויף זיין שותּף, דאָ אויפן ביזנעס־איידזשענט. זיינע אויגן זאָגן דייטלעך:

„די חברה וועלן מיר צעטרענצלען די פֿור טולער, ווי איך בין אַ איד!"

דער צווייטער באַלעבאָס גיט אים אַ ווייז אויפן טשעק־בוך:

— „סאַינט"!

נאָכדעם רייסט רובין אַרויס דעם געחתמעטן טשעק, ער גייט צו צום יוניאָן־טוער, האַלט דעם טשעק אונטער יענעמס נאָז און הייבט אָן צו אים רעדן „ביזנעס":

— מיסטער מייעראָוו, איר ווייסט וואָס ס'טוט זיך אין שטאָט?

יענער גיט אויף אַ רגע אַ נעם אַוועק די אויגעלעך פֿונעם טשעק און גיט זיך טאַמעוואַטע אַ כאַפּ:

— וואָס, מ'האָט שוין „געקעטשט" די קידנעפּערס?

— סעי, מיסטער מייעראָוו, מיך קיבעצט מען ניט. איר ווייסט דאָך, אַז איך ווייס די געים „טרו ענד טרו". די לינקע זיינען שוין ווידער אַמאָל ביזי.

— „יו דאָנט סעי"?!

— סעי, מיסטער מייעראָוו!

— אָרייט, אָרייט, לאָמיר הערן, דערציילט.

— דער גאַנצער פּלאַן דאָ סטרייקט. די לינקע האָבן זיי אָראַפּגענומען. איך דאַרף פּראָטעקשאָן, ס'איז איצט דער סיזאָן.

— אָ־קעי, מירן שיקן אַ פּאָר לייטע.

— נאָ סער, איך דאַרף דאָ קיינעם ניט האָבן! איר ווייסט דאָך, — דערביי ווייזט ער מיט אַ פֿינגער אין שאַפּ אַריין, אין דער ריכטונג וואו די אָפּערייטאָרס געפֿינען זיך, — איר ווייסט דאָך, וועלף בלייבן וועלף. זיי מעגן טאַקע זיין איבערגעגעבענע מעמבערס פֿון דער יוניאָן, אָבער די סטראָבערי גענג האָט מען פּיינט. דערצו האָבן נאָך די לינקע שאַרפֿע ציינגעלעך, זיי שטייען אונטן, באַ דער טיר, און לאָזן אַ משוגענעם הונט ניט דורך. איך דאַרף אַ סעט הענט זאָל אַלעמאָל זיין אָנגעגרייט פֿאַר מיר. טאָמער נעמט מען זיי אַראָפּ, זאָל איך ניט דאַרפֿן סטאָפּן אפֿילו אויף צען מינוט. איר פֿאַרשטייט? ט'האָט איר דעם טשעק.

ווען דער ביזנעס־איידזשענט איז שווין באַ דער טיר, דרייט ער פּאַוואָליע אויס דעם קאָפּ אויף צוריק און עפֿנט אויף דאָס מויל, ווי ער וואָלט געוועזן אין אַ פֿאַרלעגנהייט:

— געווען פון אייער זייט אַ מיסטעיק, מיסטער רובין, אַ גרויסער מיסטעיק. ניט געדאַרפט איצט זאַטשעפּען זיך מיט די פּרייזן.

— „ס׳אָרייט, ליוו איט טו מי״.

אין דער אמתן האָט אַף זיין „פּלאָר״ קיינער ניט געסטרייקט. סטרייקס זיינען יאָ געווען אין דעם קוואַרטאַל, אָבער ניט אינעם מויער וואו דער שאַפּ געפינט זיך. געטראַכט האָט זיך רובין: „ס׳שאַדט ניט, אַז אַ סעט הענט שטייט אַלעמאָל גרייט פאַר דיר. חוץ דעם — ער קריגט געלט, דער ביזנעס־איידזשענט, — זאָל ער זיך אַ ביסל פאַרדרייען דעם קאָפּ. אַ מענטש דאַרף אַרבעטן פאַר זיין געלט, יעס סער!״

פון יענעם טאָג איז שוין דער נייער באַלעבאָס געוואָרן דער גאַנצער מאַכער אין שאַפּ. אַז אַן אַרבעטער האָט זיך געווענדט צום אַלטן, צו סיגלען, האָט יענער נאָר אַ מאַך געטאָן מיט די אַקסלען און געשיקט דעם אַרבעטער צו רובינען:

— גיי, זיי מוחל, צו רובינען. כ׳מיש מעך ניט.

און מיסטער רובין האָט זיך שוין געמישט פאַר סיגלען אויך...

אַליין איז דער נייער באַלעבאָס גראָד געווען אַ קנאַפּער מביז אַף אַ שטיקל אַרבעט. נאָר אין זיינע אויגן איז געלעגן אַ וועלט מיט חוצפּה — עפּעס אַ זעלבסט־זיכערע באַלעבאַטישע חוצפּה, וואָס זאָגט אַן יעדן איינעם, אַז רובינען קען מען ניט נאַרן, אַז אַלץ ווייסט ער, אַלץ פאַרשטייט ער — „אין חדש תחת השמש״.

ער האָט איינגעפירט אין שאַפּ, אַז יעדער אַרבעטער, איידער ער גיט אוועק אַ געענדיקט „באַנדל״ אַרבעט, מוז ער עס געבן, אים, רובינען, צו־ערשט איבערקוקן.

מיסטער רובין האָט יעדעס קלייד באַזונדער אַרויפגעצויגן אַף דער הילצערנער פיגור; געפּיפּקעט דאָס ציגאַרעטל, וואָס ער האָט געראַוויכערט דורך אַ געלן, ביינערנעם מונדשטוק, אַרויסגענומען דעם מונדשטוק פון מויל, מיטן קליינעם, שמאָלן פינגערל אָפּגעטרייסלט דאָס אַש, און אַ זאָג געטאָן מיט אַ נאַכלעסיק קול:

— ס׳טויג ניט.

— וואָס הייסט ס׳טויג ניט?

— איר זענט אַ דרעסמאַכער צי אַ שומייקער?

— ס׳אַ משל!

— נו, אַז איר ווייסט נאָך אַלץ ניט, וועלן מיר אַ רוף טאָן דעם קאַטער.

מיסטער לעפקאָוויטש, פּליז, קומט אהער. ציינט דעם דזשענטלמאַן ווי מ'דאַרף מאַכן אַ דרעס!

דער קאַטער הערט אויף אָפּוויקלען דאָס זייד און קומט צו מיט אַ שמייכעלע פון איינעם, וועמען מ'רופט זאָגן דאָס לעצטע וואָרט — און וואָס ער וועט זאָגן, אַזוי וועט בלייבן. ער טוט אָן די ברילן און נעמט זיך זייער ערנסט באַטראַכטן ס'קליידל. פונדעסטוועגן, קיין מבינות זאָגט ער ניט אַרויס, וואָרים דער באַלעבאָס רעדט שוין אַליין. ער קוקט מיט ביטול, אָט אַפן אַרבעטער, אָט אַף דעם קלייד און דערקלערט דעם קאַטער:

— איר פאַרשטייט? אַ נייעם סטאַיל האָט דער דזשענטלמאַן אויסגעטראַכט. אַ „נעק־פּאַיפּינג" „סטרעטשט" מען שוין אויס היינטיקע צייטן. מ'מאַכט אים, דעם „נעק", פון אַ פערצענער סאַיז, אַזוי גרויס, ער זאָל זיין גוט אַף אַ צוויי־און־פערציקער. די „באָטנהאָלס" זיינען, וואָס אמת איז אמת, ניט שלעכט געמאַכט, נאָר אַ „פּייער־אינדזשין" קאָן פונדעסטוועגן דורכפאָרן דורך זיי. נו, פרעג איך ניט־מער, — דאָ וועגדט ער זיך שוין צום אָפּערייטאָר און לייגט אים גוט־ברודעריש אַרויף אַ האַנט אַפן אַקסל, — כ'פרעג איך ניט־מער, נו זאָגט, אַזוי מאַכט מען דרעסעס? זאָגט אַליין, אַזוינע שמאָלע „סימס" מאַכט מען? וואָס, איר ווילט פאַרזאָרגן די שיקסעס, טאָמער וועט זיך זיי פאַרגלוסטן אַ ביסל זיך „צופּיקסן"? ניין, אַזוי מאַכט מען ניט קיין דרעסעס. פיקסט, פּליז, די דרעסעס!

און אַז דער אַרבעטער גייט שוין צוריק צו דער מאַשין אַ ביסל אַ פאַרשעמטער, און גרויסע טראָפּנס שוויים רינען אים אַראָפּ פונעם פּנים, שרייט דעמאָלט דער באַלעבאָס אים נאָך מיט אַ דין אויבער־קולכל, אַזוי פריינטלעך, ווי ער וואָלט גאָר נאָר־וואָס מיט אים אַ געמיטלעכן שמועס געפירט:

— „דאָנט האָרי, טעיק יור טאַים!"

## III

אין איינעם אַ פאַרנאַכט, ווען אין שאָפּ זיינען שוין די אַרבעטער ניט געווען, איז דער טשערמאַן נאָך אַליין געזעסן לעבן זיין מאַשין. ער האָט אַרויסגענומען דאָס „שאָטל", פאַרמאַכט איין אויג און געבלאָזן מיט צוגויפּגעציפּטע ליפּן אינעם „שאָטל". נאָכדעם האָט ער מיט אַ ברענענדיק שוועבעלע געפּאָרקעט אין די געדערים פון דער מאַשין, געגאָסן אויל אין אַלע לעכלעך, זי אַרומגעווישט אַזוי געטריי, ווי אַ מאַמע ווישט אַרום דאָס

פּנימל פון איר קינד. ער האָט אונטערגעלייגט אַ שמאַטקעלע אונטערן פּיסל און אַלעמאָל געכאַפּט אַ קוק צו דער טיר פונעם אָפּיס.

דער „טשיינימאַן" איז אויך געבליבן אין שאַפּ. ער האָט באַמערקט, אַז דער טשערמאַן פּאָרעט זיך עפּעס צו פיל באַ דער מאַשין, איז ער געבליבן אין קעמערל, וואו מ'טוט זיך איבער. מיט אויגן, וואָס זוכן עפּעס זייער אַ נויטיקע זאַך, האָט ער געקוקט אַפן דיל צווישן די אַלטע שיך און גע־בורטשעט אונטער דער נאָז:

— אין דר'ערד אַריין! דאַכט זיך, ערשט „דינער־טאַים" געהאַלטן אין די הענט. נו, נו!

אין דער אמתן האָט ער גאָרניט געזוכט און גאָרניט פאַרלוירן. ער האָט נאָר געוואָלט זען, וואָס דער „קאָנסאָמשאָניק" וועט ווייטער טאָן. יענער, אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער מאַשין, איז ער אויפגעשטאַנען, אַראָפּ־גענומען די שטיקלעך באַוול פון זיך און אַריינגעגאַנגען אין אָפּיס. דער „טשיינימאַן" איז פון קעמערל אַרויס, צוגעגאַנגען צו זיין מאַשין און אָנ־געהויבן זוכן אין שופלאָד, בורטשענדיק נאָך אַלץ אַזוי באַזאָרגט אונטער דער נאָז, און זיך צוגעהערט אין דער זעלבער צייט, וואָס ס'קומט פאָר אין אָפּיס.

אין אָפּיס, האָט ער געהערט, גיט גראָס אַ באַזונדער מין הוסטעלע — אַ הוסטעלע, וואָס ער נוצט נאָר ווען ער דאַרף אַ חנפה טאָן דעם באַלעבאָס:

— קכע! מיסטער רובין, כ'האָב אייך געוואָלט עפּעס בעטן.

— בעט.

נאָך אַ הוסטעלע:

— קכע! ס'אַזוי: כ'האָב אַ נעפיו, איז ער אַ גוטער אָפּערייטאָר, האָב איך געוואָלט איר זאָלט אים אַרויפנעמען. איר ווייסטעך, אַ מאַשין אַ ליידיקע שטייט, אַ גוטער באַלמעלאָכע איז ער — כ'ווי, זאָל נאָך אַ מאַן מאַכן אַ לעבן.

דער באַלעבאָס ענטפערט ניט. ער קלערט אָפּנים פון עפּעס. צום סוף גיט ער אַ לייכט זיפצעלע — אַ זיפצעלע, וואָס קומט באַ אים פון דער זייט האַרץ:

— כ'ל אייך זאָגן, מיסטער גראָס: קיין סך אַרבעט, ווייסט איר דאָך, איז ניטאָ. כ'בין צופרידן, אַז איך האָב גענוג פאַר די אַלטע הענט.

און אין אַ ווילע אַרום:

— איז ער עפּעס אַ שנעלער אַרבעטער?

— וועל, אַ מיטעלע האַנט.

— נו, און אַזוי? איר פאַרשטייט וואָס איך מיין? היינטיקע צייטן, איר ווייסט דאָך, וויל מען וויסן מיט וועמען מ׳האָט צו טאָן.

— פאַרלאָזט זיך אַף מיר...

— נו, מילא, אויב אַזוי, זאָל ער אַריינקומען מאָרגן.

ווען דער טשערמאַן איז שוין בײַ דער טיר, שרייט ער אים נאָך אין דער פּלייצע אַריין:

— כ׳מיין, איך דאַרף אייך ניט זאָגן, אַז מיט אייך קער ער זיך גאָרניט אָן.

— אָפּקאָס, אָפּקאָס, מיסטער רובין!

אַז דאָס טירל פונעם אָפיס עפנט זיך אויף און דער טשערמאַן קומט אַרויס, זוכט דער „טשיינימאַן" נאָך אַלץ אין שופלאָד. איצט ווענדט ער זיך צום טשערמאַן, וואָס איז געבליבן שטיין אַ דערשטוינטער בײַ דער טיר:

— ט׳איר געזען אַזוינס? ערשט נעכטן געקויפט אַ „שאָרינג"-פּיסל און ווי אין דר׳ערד אַריין. נו, נו!

יענער ווייסט גאַנץ גוט, אַז ניט ער האָט נעכטן געקויפט אַ „שאָרינג"-פּיסל, ניט ער האָט עס פאַרלוירן — און זוכט עס אודאי ניט. ער איז נאָר געבליבן אין שאַפּ, ער זאָל זיך קענען אונטערהערן וואָס ס׳קומט פאָר אין אָפיס. און כדי ער זאָל פאַרגלעטן אַ ביסל זיין צעטראַגנקייט, פאַרקנייטשט ער דאָס פּנים אין אַ זים שמייכעלע און גיט אַ זאָג דעם „טשיינימאַן", ווי ער וואָלט מיט אים געווען דער בעסטער גוטער־ברודער:

— קיין גרעסערן שאָדן זאָלט איר ניט האָבן. איר קענט יוזן מיין „שאָרינג"-פּיסל עני טאַים איר ווילט.

דער „טשיינימאַן" לאָזט זיך דוקא באַלד טרייסטן און איז מיט אים מסכים, אַז ס׳לוינט טאַקע ניט זיך ערגערן איבער אַזאַ קלייניקייט. שוין בײַ דער טיר פונעם עלעווייטאָר, וואו זיי וואַרטןביידע, גיט ער אים אַ פרעג, קוקנדיק איבער דער טיר אַפן גייזער, וואָס ווייזט וואו דער עלעווייטאָר האַלט שוין:

— וואָס־זשע, מיסטער גראָס, ס׳קישעט שוין מיט אַרבעט?

יענער מאַכט זיך טאַמעוואַטע און פינטלט מיט די וויעס:

— ס׳מיינט איר?

— כ׳מיין אייער נעפּיו, וואָס קומט מאָרגן אַריין.

— אייך אַ דאַנקע! איר׳ט האָבן פּלענטי אַרבעט.

באַ זיך אָבער טראַכט ער: „אַזאַ פּאַסקודניאַק! ער וועט שוין מאָרגן צעפּויקן איבערן גאַנצן שאַפּ, אַז דער נייער אַרבעטער איז מיינער אַ קרוב!" און נאָך אַ זאַך: „ער 'אירצט' מיך שוין, דער בעסטערד! ער קער שוין האָבן אַ פּאַסקודנע געדאַנקעלע דערביי!" נאָר פונדעסטוועגן, ער זאָל די מעשה מיטן פּלימעניק ווי ס'ניט איז פאַררייבן, נעמט ער אַראָפּ באַם „טשיינימאַן" אַ גרינעם פּאָדעם פונעם לאַץ און גיט אים אַ זאָג מיט אַ קול, וואָס איז ממש לאַקריץ:

— פון וואָס אַ מענטש זאָרגט זיך! אי, מיסטער צווייגמאַן, מיסטער צווייגמאַן! דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. דער מענטש יאָגט זיך, יאָגט זיך, ווייל אַריינקעטשן די גאַנצע וועלט פאַר זיך — קומט דער מלאך־המות און זאָגט: „סטאַפּ! צינאָף!" גלויבט מיר, מיסטער צווייגמאַן, ס'איז ניטאָ וואָס צו זאָרגן, זאָל מען נאָר זיין געזונט.

— אָמן.

## IV

אַפן צווייטן טאָג, אינדערפרי, איז דער טשערמאַן געקומען מיט זיין פּלימעניק. דער פּלימעניק, אַ געזונטער יונג פון מיטעלער וואוקס, מיט אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ און אַ פאַרריסן נעזל, איז דער ערשטער אַריין כמעט לויפנדיק. דער גאַנג זיינער איז געוועזן, ווי פון איינעם, וואָס איז דאָ נאָר־וואָס געווען, האָט עפּעס פאַרגעסן און געמוזט זיך אומקערן צוריק. זיינע ברוינלעכע אויגן האָבן באַם אַריינגאַנג אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן שאַפּ און גוטמוטיק געשמייכלט.

ס'האָט געהייסן:

„צ'אָרייט, מע'ט שוין דאָ מאַכן אַ לאַד..."

שוין זיצנדיק באַ דער מאַשין און זי אויספּרואוונדיק וואָס פאַר אַ פיינעם שטאָף זי קאָן מאַכן, האָט ער אַ קוק געטאָן צו די פענצטער, ווי ער וואָלט זיי געוואָלט נאָכאַמאָל באַטראַכטן, און פאַרקרימט דאָס פּנים זיינס, ווי ער וואָלט ווער ווייסט וואָס פאַר אַ ביטערע זאַך פאַרזוכט:

— פו! מ'קאָן דאָך דאָ דערשטיקט ווערן!

און זיך ווענדנדיק צו דער „נבלה", האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— עי, מיסטער! עפנט אויף די פענצטער! מ'קאָן דאָך דאָ דערשטיקט ווערן! קוקט נאָר ווי מענטשן זיצן!

די „גבֿלה" האָט בלויז אַ קוק געטאָן אַף אים, אַ שאָקל געטאָן מיט זיין גרויסער טשופּרינע זשאַווערדיקע האָר און גאָרניט געענטפערט.

שפּעטער, אַז ער מיטן באַלעבאָס האָבן זיך געפּאָרעט מיטן „סעמפּל", וואָס ער האָט ערשט געמאַכט, און אָנגעטאָן דעם „סעמפּל" אַף דער פיגור, האָט דער באַלעבאָס צופרידן געשמייכלט דורך די פּענסנע, אים באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און אים געפרעגט ווי ער הייסט.

דער פלימעניק האָט ווי ניט דערהערט, ער האָט אַריבערגעקוקט צו דער דרעיפּערן, וואָס איז אים אַפּנים זייער געפעלן, האָט געהויבן די אַקסלען און געענטפערט, קוקנדיק אַלץ צו דער דרעיפּערן:

— וואָצעדיפרענץ? כ'הייס דזשאָו. מ'קען מיך רופן יאָסל אויך — איך באַליידיק זיך ניט.

נאָכדעם, גייענדיק שוין מיט אַ גרויס „באָנדל" אין די הענט, איז ער פאַרגאַנגען אַזוי, אַז ס'זאָל אים אויסקומען דורכגיין די מיידלעך. פאַר־בייגייענדיק די דרעיפּערן, האָט ער כלומרשט אומגערן זי אַ טאָרע געטאָן מיטן עלנבויגן און איר אַריינגעשמייכלט אין פּנים אַריין:

„פּאַ־אַר־דמי!"

נאָכמיטאָג האָט ער זיך אינגאַנצן דערפילט היימיש אין שאַפּ. די פּענצ־טער האָט ער שוין לאַנג געעפנט. דער פרעסער האָט גראַד געשריגן, אַז „ער וועט באַלד באַ אים אַליין פליען דורך אַ פּענצטער, אויב ער וועט זיי ניט צומאַכן", נאָר דזשאָו האָט בלויז קאַלטבלוטיק אַ שמייכל געטאָן, ווי ניט אים איז דער פרעסער אַ בעלן אַרויסוואַרפן דורכן פּענצטער, נאָר אימעצן, אַ ווילד־פרעמדן מענטשן, וועמען ער קען אפילו ניט:

— פּאַוואָלי ווי מ'וואַרפט, כ'בין שווער אַף דער וואָג.

און דאָס אַלץ.

די מיידלעך האָבן דווקא געהאַלטן מיט דזשאָוען, אַז אודאי שטיקט דאָ אין שאַפּ, מ'קען טאַקע דעם אָטעם ניט כאַפּן. דער פּעטער זיינער, דער טשערמאַן, האָט זיך געוואָרפן אַף אַלע זייטן. ער האָט געפּרוּאווט איינרעדן דעם עולם, אַז ס'שטיקט טאַקע אין שאַפּ. נאָר איין פּענצטער איז גענוג אַז מ'עפנט. מ'דאַרף ניט זיין משוגע, ווי ער, דזשאָו, און צעעפענען אַלע פּענצטער.

באַ זיך האָט ער אָבער געפילט, אַז ער איז דאָ מיאוס אַריינגעפאַלן:

„נו, נו! קאַרג צרות האָב איך, האָב איך נאָך אַ צרה גענומען אַף מיין קאָפּ. גיי וויים! דער בחור שווערט זיך מיט טויטע קללות, אַז נאָ

מאַר, ער איז שוין געוואָרן אַ מענטש, שוין געקומען צום שכל — און דאָ, נו, נו! מיין טובה זאָל מיר כאָטש ניט אויספאַלן באָקאָם..."

דער איינציקער, וואָס איז גראָד גאָר־גאָר צופרידן מיטן נייעם באַל־מעלאָכע, איז דער „טשיינימאַן". דעם בחור, טראַכט ער, וועט נאָך זיין אָנקלם גוטער־ברודער, דער פּרעסער, אָנברעכן די ביינער אויך. ס'עט זיין פּריילעך, ס'אָרייט!

— מיסטער, — גיט ער אַ זאָג צום אים, — וואָס גייט איר אָפּגעשייווט דעם קאָפּ, איר קומט ערשט פון פּריזאָן אַרויס?

— טאַקע אָט דאָס האָב איך אייך געוואָלט פרעגן: וואָס טראָגט איר אַ פּאַפּירענע יאַרמעלקע, איר האָט אַ פּאַרך?

די מיידלעך שיסן אוים אַ געלעכטער. נאָר דער טשערמאַן שלאָגט זיי איבער אין מיטן און שרייט אַ צעכעסטער:

— שאַט, ציגן! קוקט נאָר ווי זיי האָבן זיך צעקוואָליעט! מ'האָט דערטאַפּט אַ לאַשעק און מ'גווערזגעט!

און צום פּלימעניק:

— מעגסט שוין אַמאָל צומאַכן דעם פּיסק, דזשאָו! מעגסט אַ ביסל האָבן מער רעספּעקט פאַר עלטערע פון דיר!

דזשאָו וויל אָבער דעם „פּיסק" ניט צומאַכן. ער איז גאָר אויפגעלייגט. ער גיט אַ טאָרע דעם „מאַלדראַוואַן", וואָס זיצט לעבן אים און ווייזט אים אָן מיט די אויגן אויף דער „נבלה":

— טססס, וואָס איז דאָס פאַר אַ כניאָק?

— אַ כניאָק איז דאָס? ס'איז דאָך די „נבלה", וואָס מאַכט לאָקשנ־קוילעטשדיקע סאַנגס!

די מיידלעך שיסן ווידער אַמאָל אוים אַ געלעכטער, נאָר דערשטיקן אים באַלד.

נאָכדעם, ווען ער טראָגט אויף די געענדיקטע אַרבעט, קוקט דער באַלעבאָס אַרום די קליידלעך, שאָקלט צופרידן מיטן קאָפּ, און זוכט באַ זיך אַ פּען ער זאָל אים פאַרשרייבן די אַרבעט. דזשאָו כאַפּט זיך דערוויייל אַריבער צו די מיידלעך און הייבט זיך אָן שושקען מיט דער דרעיפּערן, ווי ער וואָלט מיט איר געוועזן היימיש שוין גאָר אַ לאַנגע צייט. יענע מאַכט אַ ברוגז פּנים, ווי זי וואָלט כלומרשט ניט געוואָלט, דרייט דאָס קעפּל און גיט אַלע ווייַלע אַ הילכיקן לאַך:

„אַי שוד וואָרי!"

מער רעדט ער שוין ניט מיט קיינעם כמעט דעם גאַנצן טאָג. ער זיצט באַ דער מאַשין, רויכערט איין ציגאַרעטל נאָכן אַנדערן און באַוויזט אַ בריהשאַפט — רויכערן און פּייפן אין דער זעלבער צייט.

באַם רויכערן און פּייפן מאַכט ער דערוויי־ל גאַנצע פּלענער באַ זיך אין קאָפּ: רעדן מיט זיי, מיט די באַלמעלאָכעס, טראַכט ער, קען מען ניט — צופיל אויגן זיינען דאָ פאַראַן; אין רעסטאָראַן עסן מיטאָג גייען זיי ניט, זיי נעמען מיט עסן פון דר׳היים. נו, מילא, מ׳עט שוין מוזן עפּעס טאָן.

שוין אַפן צווייטן טאָג, פאַרנאַכט, אַרום פינף אַזייגער, הייבט ער זיך אויף פון זיין אָרט, קלייבט אַרום די פעדים פון זיך און וויל זיך שוין לאָזן גיין. דעמאָלט לויפט דער באַלעבאָס צו אים צו, שטרעקט אויס ביידע הענט, ווי ער וואָלט אים געוואָלט פאַרהאַלטן און פרעגט מיט פאַרחידושטע אויגן:

— וואָצעמערע ? !

— כ׳האָב היינט יאָרצייט.

דער פעטער זיינער גיט האַסטיק אַ דריי אויס דעם קאָפּ און גיט אַ קוק אַף אים, מיט אויגן וואָס זיינען פול מיט דערשטוינונג:

„וואָס איז דאָס פאַר אַ שלאָק ? יאָרצייט נאָך לעבעדיקע טאַטע־מאַמע ? !"

ער מאַכט אָבער אַ שוויינ.

דער „טשיינימאַן" האָט שוין אָבער אויפגעכאַפּט דעם טשערמאַנס בליקן. איצט, פילט ער, האָט געשלאָגן די שעה. ער קאָן אים שוין באַגראָבן, דעם טשערמאַן:

— יונגערמאַן, — מאַכט ער, — איר מוזט אודאי זוכן אַ שולעכל אין דעם געגנט ? „שור" איז דאָ. אין „גאַרמענט סענטער קאָנגרעגיישאָן", אַף זיבעטער עוועניו, לעבן אָטאָמאַט, קלייבט מען צונויף אַלע פינף יאָר אַ מנין, עט איר קענען דאָרט יאָרצייט האָבן . . .

חברה צעלאַכט זיך.

דער פרעסער דערשמעקט וואוהין ער טרייבט מיט זיין חכמה, און שרייט אַריבער ס׳געלעכטער.

— „טשיינימאַן", פאַרוואָס שיקסטו אים אין אַ פרעמד שולעכל ? שיק אים בעסער אינעם זעלבן שולעכל, וואו דו ביסט אַ בעל־תפילה אַלע שבת !...

דעם „טשיינימאַן" אַרט שוין אָבער איצט גאָרניט. ער פילט, אַז אָט באַלד וועט ער שוין זיין דער זיגער. ס׳וועט שוין ניט נעמען לאַנג און ער

וועט ווערן טשערמאַן. און ווען דזשאָו איז שוין בײַ דער טיר, שרייט ער אים נאָך אַלץ נאָך:

— יונגערמאַן, אָן אַ היטל גייט מען אין שול אַריין?

— כ׳ל מיר מאַכן אַ פֿאַפּירענע יאַרמעלקע, — נאָר אָן אַ פֿאַרך!...

עטלעכע מאָל אַזוי, אין די פֿאַרנאַכטן, פּרואווט ער אַוועקגיין פֿון דער אַרבעט: אַמאָל מוז ער גיין „צו זיינעם אַ קראַנקן פֿריינט, וואָס גוססט שוין ממש אין שפּיטאָל״; אַן אַנדער מאָל מוז ער גיין, און שוין דווקא מיט דער דרעיפּערן ראָזע, „באַגעגענען גרינע וואָס קומען אָן מיט דער שיף מאַדזשעס־טיק פֿון יוראָפּ״.

ביז — איינמאָל, אין אַ פֿרימאָרגן, ווען מ׳האָט זיך שוין צעפּירט די הענט בײַ די מאַשינען, איז אין שאַפּ געוואָרן פּלוצים אַ גערודער. אַ כאָפּטע בחורים און מיידלעך האָבן זיך מיטאַמאָל אַריינגעריסן אין שאַפּ. זיי האָבן פֿאַרכאַפּט אַלע טירן, אַ פּאָר זיינען אַריין אין אָפֿיס, אַ נעם געטאָן דעם טעלעפֿאָן אין זייערע הענט און גענומען אים אָפּהיטן, ווי ער וואָלט ווער ווייסט וויפֿיל גאָלד באַטראָפֿן. אַ בחורל אַ נידעריקער, אַ געפּאַקטער, איז צוגעלאָפֿן צו די מאַשינען און אָפּגעשטעלט די עלעקטריק.

זיי האָבן אויסגעקוקט, אָט די חברה, ווי זיי וואָלטן געווען מיט דזשאָון פֿון איין משפּחה, ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט. אפֿילו די פּאָר נעגערס, וואָס האָבן זיך צווישן זיי געפֿונען, האָבן אויך אויסגעזען אַזוי ריירעווודיק און לעבעדיק — פּונקט ווי דזשאָו.

דער ערשטער האָט זיך אויפֿגעהויבן דזשאָו. מיט די אויגן האָט ער אַ ווייז געטאָן איינעם פֿון זיי, אַ פּנים דעם פֿירער זייערן, אַפֿן פּרעסער.

ס׳האָט געהייסן:

„אַף אים האַלט אַן אויג!״

נאָכדעם האָט ער זיך אַ דריי געטאָן צו די אָפּערייטאָרס:

— קאַמאַן, צ׳נאָ יוז, מירן גיין אין יוניאָן!

אַלע האָבן זיך אויפֿגעהויבן, בלויז די „נבלה״ איז געבליבן זיצן ווי אַ פֿאַרחלשטער אַפֿן אָרט. אַ מיידל אין אַ לעדערנעם רעקל איז צוגעגאַנגען צו אים, אַרויפֿגעלייגט איר הענטל אַף זיינעם אַן אַקסל און אים געפּרואווט אָפּמינטערן מיט עפּעס אַזעלכע גוטע, וואַרעמע רייד:

— וואָס׳ט איר זיך דערשראָקן, חבר? — האָט זי געזאָגט, — מיר׳ן אייך גאָרניט טאָן. מיר זיינען אַלע אייגענע.

און נאָכדעם איז שוין אַלץ צוגעגאַנגען גלאַט, ווי ס'פירט זיך אין אַזעלכע פאַלן:

דער באַלעבאָס, מיסטער רובין, איז געקומען צו זיך. דאָס שנירל מיט די פענסנע האָבן זיך געבאָמבלט אַף זיין האַרצן און ער האָט זיך געריסן צום טעלעפאָן:

„אַט רופט ער אַף די פּאָליציי, וועט מען זיי שוין ווייזן, וואָס הייסט זיך אַריינרייסן אין אַ פרעמדן פּלאַץ אָן זיין דערלויבעניש! ס'אָרייט, זיי וועלן באַ אים פאַרפוילט ווערן אין די פּריזאָנס! ס'אָרייט, דאָ איז ניט מאָסקווע — ס'איז נאָך דערווייל ניו יאָרק!"

חברה האָבן אָבער אַלץ אָפּגעהיט דעם טעלעפאָן, ווי גאָר אַ טייערן אוצר, אים פון די הענט ניט אַרויסגעלאָזט, און בלויז געשמייכלט דעם באַלעבאָס אין פּנים אַריין.

דערווייל זיינען שוין אַלע באַ דער טיר געשטאַנען. אַ טייל זיינען שוין געווען אָנגעטאָן אין די רעקלעך, אַנדערע האָבן געפּרואווט אַפן וועג זיי אַרויפציען. די עלעוויטאָרס האָט מען אויסגענומען. מ'איז מיט די טרעפּ אַראָפּגעגאַנגען.

שוין אין דרויסן, האָבן זיך די אַרבעטער דערפילט אַ ביסל פרייער. זיי האָבן דערשמעקט, אַז די חברה זיינען גאַנץ וואוילע יונגען און מורא האָבן איז ניטאָ וואָס.

דער ערשטער האָט דאָס לשון זיינס באַקומען דער „מאָלדאַוואַן". ער איז געווען געפערלעך ברוגז אַף דער „אָרגאַניזיישאָן קאָמיטע":

„הער נאָר אַ מעשה: נאָר די באַטעמס האָט ער באַדאַרפט אָפּהעמען, און דאָ, נאַ דיר גאָר אַזאַ צרה! וואָס זשע וועט איצט זיין מיט זיינע כמעט־פאַרטיקע דרעסעס? ניין, זאָל אים דזשאָו טאָקע זאָגן. ער איז אַ בעלן צו הערן, וואָס וועט זאָגן דערויף דער גרויסער שיסער!"

דער „גרויסער שיסער" דזשאָו האָט אָבער גאָרניט געזאָגט. ער איז געלאָפן פאָראויס, צו דער יוניאָן צו, ווי איינער, וואָס לויפט באַ אַ חתונה אָנזאָגן, אַז די גאָר געהויבענע מחותנים האַלטן אין אָנקומען. לעבן דער טיר פון דער יוניאָן איז ער געבליבן שטיין. ער האָט געוואַרט אַלע זאָלן צוקומען. אַז זיי זיינען שוין צוגעקומען, האָט ער אַ פּאָכע געטאָן מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט זיי געוואָלט אַלעמען פאַרכאַפּן אונטער זיין אָרעם, און אַ ווייז געטאָן מיט אַ פינגער צו די טרעפּ:

— „אַפּסטעז", אַפן צווייטן פלאָר!

אינעווייניק, אין זאַל פון דער יוניאָן, האָבן אים חברה „טראַמבעניקעס"
באַגעגנט גאַר היימיש, גאַר פריינטלעך.

— סעי, יאָסל, מ'דאַרף אפשר האָבן באַ דיר נאָך אַ פּרעסער?

— אַ שנעלן אָפּערייטאָר דאַרף מען, יאָסל?

ס'האָט טאַקע אויסגעזען: דזשאָו פילט זיך דאָ גאַנץ היימיש, ער איז דאָ אַ גאַנצער בן־בית. אפילו דאָס אידל, וואָס האָט זיך דאָ גאַנץ ברייטלעך צעלייגט מיט זיין סחורה: בייגל, ברויט, שטיקלעך קישקע און געקאָכטע אייער, — אפילו ער האָט זיך דערפרייט מיטן נייעם שאַפּ.

פון זאַל האָט מען זיי אַריינגעפירט אין אַ באַזונדערן צימער. דאָרטן, אין צימער, זיצנדיק לעבן אַ דעמבענעם טיש, האָט זיי באַגעגנט אַ בחור מיט אַ גאָר ערנסטן שטערן און מיט כמעט אינגלשע רויטע באַקן. ס'האָט זיך געדוכט, אַז דער ערנסטער שטערן מיט די אינגלשע בעקעלעך קערן זיך דאָ גאָרניט אָן — זיי זיינען אינגאַנצן פרעמד איינס מיטן צווייטן.

דערווייל האָט אַ יונג מיט אַ פאַרכלינעט קול געהאַלטן אין איין טראַגן בענקלעך אַהער. אַז אַלע האָבן זיך שוין אויסגעזעצט, האָט דער בחור פון לעבן טיש געהייסן דעם טשערמאַן ער זאָל אים איבערגעבן די „קאַנדישאַנס" פון שאַפּ. דער קאַטער האָט זיך אויפגעשטעלט באַגלייך מיטן טשערמאַן, אים, דעם טשערמאַן, מיט אַ לייכטן שטויס צוריק אַוועקגעזעצט, און זיך צעפאָכעט מיט די הענט, ווי ער וואָלט געפּרואווט עמיצן פאַרנאַרן צו זיך:

„אַז וואָס וויל מען פון אים? ער איז ניט קיין אָפּערייטאָר און קער זיך מיט זיי גיט אָן. ער באַלאַנגט צו אַן אַנדער לאָקאַל — צום קאַטערס לאָקאַל. זאָל מען אים צורו לאָזן — ער דאַרף גיין אַסאַרטן אַ לאַט!"

די „נבלה" איז איצט אויך גאָר אַן אַנדער מענטש געוואָרן. מיטאַמאָל האָט ער גאָר באַקומען לשון. ער האָט „העפטיק" פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ „באַרבאַריזם", „ער אַנערקענט ניט קיין קאָמוניסטישע יוניאָנס" און „ועל־כולם, מישט ער זיך ניט אין קיין פּאָליטיקס!"

דער טשערמאַן האָט געשוויגן. ער האָט געהאַלטן ביידע הענט אויף די קני, געקוקט דעם אָרגאַנייזער גלייך אין די אויגן און אפילו ניט אַ פּינטל געטאָן מיט די ווייעס. ס'האָט אויסגעקוקט: ער זיצט אַנטקעגן אַ פאָטאָ־גראַפישן אַפּאַראַט און ווארט מ'זאָל דאָרט ערגעץ אַ קוועטש טאָן אַ גומענע פּילקע, אים אָפּפאָרטרעטלען און אָפּלאָזן אַהיים. ער האָט כמעט גאָרניט געהערט, וואָס דער אָרגאַנייזער רעדט דאָרט. אים איז איצט געלעגן בלויז איינס אין קאָפּ:

„ווי האָט ער, אַזאַ אַלטער פערד, זיך געלאָזט אָפּנאַרן פונעם ממזר, פון דזשאָון? וואו איז דעמאָלט זיין פערדישער קאָפּ געווען?"

ס'האָט זיך אים געדרייט דער קאָפּ, דעם טשערמאַן. ווי אין אַ חלום, האָט ער געהערט ווי מ'קלייבט אוים אַ סטרייק־קאָמיטעט, ווי מ'מאַכט דזשאָון און ראָזען פאַר די הויפּט־מאַכער. ווי אין אַ חלום, האָט ער זיך געלאָזט ארויסגיין פון צימער באַגלייך מיט אַלעמען, ווען מ'האָט אָנגעזאָגט, אַז מיטאָג־צייט מוזן זיי קומען אָנהויבן פּיקעטן דעם שאָפּ.

פון דער יוניאָן איז מען ארויסגעגאַנגען אַלע. נאָר אין דרויסן איז מען זיך צעגאַנגען. מ'איז געלאָפן כלומרשט „כאַפּן אַ בים" און איינציקווייז צוריק אין שאָפּ זיך אומגעקערט. געבליבן זיינען בלויז דזשאָו מיט ראָזען. זיי זיינען באַלד צוריק ארויפגעקומען אין דער יוניאָן, דאָרטן האָבן זיי באַדאַרפט נעמען די סטרייק־שילדן, וואָס מ'האָט שוין אָנגעהויבן צוגרייטן פאַר זיי.

שפּעטער, ווען זיי זיינען צום שאָפּ צוגעגאַנגען, האָבן זיי קיינעם פון די אַרבעטער ניט אָנגעטראָפן.

לעבן דער טיר פונעם מויער זיינען שוין געשטאַנען עטלעכע לאָבוסן אויסגעפּוצט לויט דער לעצטער מאָדע. איינער פון זיי, אַ יונג מיט אַ שראַם לעבן רעכטן אויער (דער שראַם האָט זיך פון אויער פאַרקירעוועט אַף דער באַק און פון דאָרט פאַרבלאָנדזשעט אַזש צו דער אויבערשטער ליפּ, אונטער דער סאַמע נאָז), האָט אַ קוק געטאָן אַף דזשאָון, ווי ער וואָלט מיט שאַרפע מעסערלעך אַ בלישטשע געטאָן קעגן דער זון. דערנאָך האָט ער מיטן מויל, וואָס האָט אַ טבע זיך אויסדרייען צום אויער, ווי ס'וואָלט נאָר מיטן אויער געפירט אַ שמועס, עפּעס אַ זאָג געטאָן צו צווייטן פון דער חברה. יענער האָט אַפילו ניט אַ קוק געטאָן אין דזשאָום זייט. ער האָט אַ ווייטן שפּיי געטאָן פון צווישן די ציין, פאַרלייגט די הענט הינטן, אונטערן רעקל און זיך אונטערגעהעצקעט, שמייכלענדיק גאָר צופרידן.

אַף זיין לשון האָט דאָס געמיינט:

„בע, אַף ווערמען, מישטיינס געזאָגט, ס'איז זיך דאָ פאַראַן וואָס אומצוקוקן! מיט מיינעם אַ שפּיי דערטרינק איך אים..."

דערווייל האָבן אַרבעטער אָנגעהויבן ארויסקומען פון די שעפער פאַר מיטאָג. זיי זיינען דורכגעגאַנגען לעבן די לאָבוסן, פאַרדעכטיק געקוקט אַף זיי און זיך אָפּגעשטעלט אָן אַ זייט. די אַרבעטער האָבן דערקענט די חברה. זיי

האָבן אויך גאָרניט גערעדט. זיי זיינען געשטאַנען און געוואַרט, וואָס וועט ווייטער זיין.

דזשאָו איז צוגעגאַנגען צו ראָזען, ארויסגענומען די סטרייק־שילדן פון אירע הענט און איר אָנגעטאָן א פּאָר שילדן איבערן האַלדז — מיט א מינע פון א חתן, וואָס טוט אָן זיין כלה די ערשטע מתנה, א שנירל שיינע קרעלן. דערנאָך האָט ער א צווייטע פּאָר אָנגעטאָן אַף זיך. די איבעריקע האָט ער אריינגערוקט א נייגעריקן ארבעטער אונטער דער פּאַכווע: „נא, האַלט.״ און א נעם געטאָן ראָזען אונטער דער האַנט:

— קום.

איינער פון דער חברה, דער וואָס מיטן צעשניטענעם פּנים, איז צו־געגאַנגען צו זיי און מיט דער רירעוודיקייט פון א הונגעריקן וואָלף האָט ער אראָפּגעריסן פון דזשאָון די שילדן. זיין מויל האָט א שיפּע געטאָן צום רעכטן אויער:

— זאָל די לידי אוים . . .

ער האָט ניט דערערדט. דזשאָום פּויסט האָט זיך שווער אראָפּגעלאָזט פּונקט צווישן זיינע ביסטרע אויגן. מיטאַמאָל האָבן די נייגעריקע ארבעטער זיך א רוק געטאָן נעענטער. מ׳האָט געשריען, מ׳האָט זיך געוואַלגערט איבערן פארבלוטיקטן טראָטואַר. פּאָליציי־פּייפעלעך האָבן געפּייפט, פלעשער און מעסערס האָבן געבלישטשעט קעגן דער זון. ס׳ האָט זיך געהערט דאָס אויס־געצויגענע וויינענדיקע טרובען פון א פּאָליציי־וואָגן. ווי א ווילדע האָט זיך ראָזע געוואָרפן צווישן די קנוילן מענטשן און געדראַפּעט און געביסן אָט דעם יונג, וואָס האָט ערשט ניט לאַנג אזוי זיכער זיך געטענצלט.

דערנאָך האָט זי געפילט, ווי עמיצער האָט א פאַל געטאָן אַף אירע פיס, איר די האָר געריסן — נאָר זי האָט דאָך געזען:

דזשאָון פירן צוויי פּאָליציילייט צום פּאַטרול־וואָגן. זיין פּנים איז אויפ־געלאָפן, די אונטערשטע ליפּ זיינע הענגט אַרונטער צו דער מאָרדע צו, ווי זי וואָלט מיט רויטן קליי דאָרט צוגעקלעפּט געוואָרן. פון זיין מויל רינט בלוט. פונעם רעקל און פונעם אויבערהעמד הענגען אַראָפּ שטיקער פאַר־בלוטיקטע שמאַטעס. דער וואָס מיטן צעשניטענעם פּנים, א מוראדיק פאַר־בלוטיקטער, לויפט נאָך דזשאָון, ער שטרעקט אויס די פּויסטן און וויל אים א זעץ טאָן אין דער פּלייצע, נאָר פּאַלט אום מיטן פּנים צום ראַנד פונעם טראָטואַר.

ערשט אפן טרעפּל פונעם פּאַטרול־וואָגן דערזעט איר דזשאָו. דורך די

געשוואָלענע באַקן קוקן אַרויס זיינע אויגן, וואָס זיינען איצט זייער קליין. זיי קוקן צו ראָזען און שמייכלען, דוכט זיך. און זי, ראָזע, זעט אין אָט די פּיצינקעלעך, מיט בלוט פאַרלאָפענע, אייגעלעך, אַ וועלט מיט ליבע צו איר. זיי קוקן, אָט די אייגעלעך, אַף איר און אַפן גאַנצן אַרום און דערציילן ראָזען, אַז ער, דזשאָו, איז שטאָלץ מיט איר, אַז ער האָט זי ליב, זייער ליב.

און נאָך זעט זי אין זיינע אויגן:

פאַר די פּאָליציילייט האָט דזשאָו קיין מורא ניט. ער איז גרייט זיך צו שלאָגן און שלאָגן. ער איז אַן עקשן, אַ גרויסער עקשן איז ער — ער מוז זיינס אויספירן...

## קאפיטל צוויי

### I

איצט, אינעם זוניקן, הארבסטיקן נאָכמיטאָג, האָט די זון אירע קוים וואַרעמע שטראַלן צעוואָרפן איבער די ברודיקע שויבן פון די שעפער און זיך געשפילט מיט זיי, ווי אַ מוטער מיט אירע גערעטענע קינדער.

אינעם געל־געפאַרבטן מויער זיינען שטראַלן אַף די פענצטער פונעם דריטן שטאָק אַרומגעשפרונגען, זיך אַראָפּגעגליטשט אַף די געלע ווענט, צוריק זיך פאַרגנבעט אַף די שויבן, און פון גרויס פרייד גאָלדענע פּעכערס איבער די שויבן געהוידעט:

ס׳האָט זיך געקאָנט דוכטן:

אָט די גאָלדענע שפּיצן פון דער זון דערפרייען זיך יעדעס מאָל, ווען זיי גיבן אַ פּלי צו די שויבן און שרייען אַראָפּ אַרונטער־צו, צו די מענטשן, וואָס האַלטן אין איין קוקן אַהער:

„קוקט, מענטשן, וואָס מיר קענען! זעט ווי הויך מיר זיינען! שאַט, אָט וועלן מיר, איינס און צוויי, אַרויף אַפן עלפטן שטאָק!״

אונטן, לעבן דער געביידע, איז דער טראָטואַר געווען מיט געהילץ־זעגעכץ באַשאָטן. עמיצער האָט, ווייזט אויס, געוואָלט פאַרדעקן, קיין סימן ניט לאָזן פונעם בלוט, וואָס איז דאָ היינט אינדערפרי פאַרגאָסן געוואָרן. ס׳האָט אָבער ניט געהאָלפן. אונטער די קויטיק־ברוינלעכע שטיקלעך זעגעכץ האָבן רויטע פלעקן זיך אַרויסגעזוגן.

אָט די פלעקן, האָט זיך געדוכט, וועט מען שוין קיינמאָל ניט קענען אָפּוואַשן — אויפרייסן וועט מען מוזן די טראָטואַרן און ברוקן איבערן גאַנצן „גאַרמענט צענטער״, כדי מ׳זאָל זיי פון לעבן אָט דעם געלן מויער אַוועקנעמען.

און נאָך עפּעס:

די רויטע פלעקן האַלטן חשבון. זיי רעכענען, וועגן און מעסטן יעדן פאַרגאָסענעם טראָפּן בלוט; זיי פאַרצייכלען ניט אפילו אַ מינדסטע קאַפּליע. זיי ווייסן: זיי וועלן דאַרפן אָפּגעמען דין־וחשבון פון די, וואָס האָבן אַזוי הפקרדיק געפאַרבט מיט זיי דעם שטיינערנעם באָדן — האַלטן זיי חשבון...

פון יענער זייט, אַפן אַנטקעגנדיקן טראָטואַר, זיינען רעדלעך אַרבעטער געשטאַנען. זיי זיינען דאָ מיטאָג־צייט געווען באַם געשלעג. אייניקע האָבן אַליין אַנטיילגענומען אין געשלעג; אַנדערע האָבן בלויז „געבוקעט" דער פּאָליציי, געפּאָכעט מיט די הענט אין דער לופטן און נאָכדעם געלאָפן ווייטער זוכן אַרבעט.

איצט איז מען שוין צוריקגעקומען. מ'האָט קיין אַרבעט ניט געפונען — האָט מען צייט.

ווי אַ הויכער טאָפּאָל צווישן נידעריקע נאָר קרעפטיקע דעמבעס, האָט אַ וואוקסיקער איד פון צווישן דעם בינטל אַרבעטער דעם קאָפּ זיינעם פאַר־ריסן, אָנגעשטרענגט געקוקט צו די פענצטער פונעם דריטן שטאָק און דעם גאַנצן דאַרן גוף זיינעם געפּרואווט הויבן העכער און העכער.

מ'וואָלט געקענט מיינען, אַז דער „לאַנגער דראָנג" וויל מיט זיין שפּיציקן קאָפּ דערגרייכן די הויך פונעם דריטן שטאָק. ער וויל אַריינקוקן אין שאַפּ און זען וואָס ס'טוט זיך דאָרט, אַזש דאָס חיות גייט אים אויס. זאָל מען אים נאָר ניט טשעפּען, אַט־אַט, איז ער שוין באַלד דאָרט, — זאָל מען אים נאָר ניט טשעפּען...

אָן אַרבעטער, באַ וועמען ס'שטעקט אַרויס אַ שער פון דער בוזעם־קעשענע, שרייט אַרויף צו אים, ווי יענער, דער לאַנגער, וואָלט געווען אַ טויבער:

— פּאַוואָליע, לייזער, ס'ט נאָך מאַכן אַ לאָך אין הימל!

אַ צווייטער שלעפּט לייזערן באַם אַרבל און ווינקט אונטער צו די אַרומיקע:

—ווילסט נאָך אַ ביסעלע אונטערוואַקסן, לייזער? וואַרט, מאָרגן ט'גיין אַ רעגן, זאָל איך אַזוי לעבן, דער „פּייפּער" שרייבט אַזוי.

לייזער האָט אָבער קיין צייט ניט אַפילו אַ קוק טאָן ווער ס'רעדט צו אים. די בלויע אָדערן אַף זיין האַלדז לויפן אָן אַזש ביז צום פּלאַצן. די אַקסלען ציטערן און הויבן זיך, ווי זיי וואָלטן וועלן אונטערשפּאַרן דעם מידן קאָפּ. פון גרויס פּאַרטראַכטקייט לעקט ער מיט דער צונג די אונטערשטע ליפּ, האַלט ברייט צעעפנט ס'מויל און אָטעמט שווער.

ביסלעכווייז, לאָזט ער די אַקסלען אַרונטער, בויגט אַראָפּ אַ ביסל דעם קאָפּ און גיט אַ זאָג זאָר ערנסט צום עולם, וואָס האָט שוין באַלד אין דער אמתן אָנגעהויבן גלויבן, אַז ער, דער לאַנגער, קען טאַקע זען, וואָס ס'טוט זיך אין שאַפּ:

— מ׳קען גאָ־אָר־ניט זען.

דער, וואָס האָט אים ערשט געפרעגט, צי ער וויל נאָך וואַקסן, און אים געטרייסט מיט אַ רעגן אַף מאָרגן, מאַכט איצט נאָך אַן ערנסטער פּנים פון לייזערן און קוקט אַרויף צו אים מיט פאַרריסענע ברעמען:

— טאַקע גאָלע גאָרניט?

מיטאַמאָל גיט עפּעס געשווינד אַ שוועב אין דער לופט. באַלד דער־הערט זיך אַ געבראַזג פון צעבראָכענעם גלאָז.

אינעווייניק, אין שאַפ, פליט אַריין דורך דער צעבראָכענער שויב אַן עפּל. דער עפּל פאַלט אַראָפּ אַפן צעמענטענעם דיל און צעקרישלט זיך אַף עטלעכע שטיקער. ווי אַ מענטש, וואָס האָט שוין לאַנג זיין אייגענעם טויט געזוכט און אים געפונען דורך זעלבסטמאָרד, ליגט איצט דער עפּל אַ צע־בראָכענער און לאָזט אָפּ דעם זאַפט פון זיך.

אַ געשריי, דורכגענומען מיט שרעק, צעטראָגט זיך איבערן גאַנצן שאַפ. די אָפּערייטאָרס שפּרינגען האַסטיק אויף פון זייערע ערטער, עטלעכע בענקלעך גליטשן זיך אוים פון אונטער זיי און פאַלן מיט אַ קראַך אַרונטער אַפן האַרטן דיל; אַ הילכיקער מיידלשער קוויטש פליט צו דער סטעליע, שלאָגט זיך אָן דאָרט און פאַלט אַרונטער מיט אַ פאַרשטיקטן קרעכץ. סערקע די פינישערן חלשט.

פונעם אָפיס לויפט אַרויס דער אינגערער באַלעבאָס, מיסטער רובין. ס׳ערשטע וואַרפט ער אַ בליק אַף די טירן, וואו ס׳שטייען אָנגעשפּאַרט קורצע בלייענע רערן. פון שרעק הייבן אָן די באַקן בא אים צוקן און ווילן נאָר אַרויסשפּאַרן זיינע קאַלעמוטנע אויגן פון זייערע לעכער. ער פּרואווט אַרויפזעצן זיינע פעטסנע פעסטער אַף דער נאָז — און קען בשום אופן ניט. די פינגער זיינען בא אים פאַרקליאַקנעט געוואָרן, ווי בא אַ מת, וואָס האָט זיך פאַרן שטאַרבן געראַנגלט מיטן מלאך־המות. באַלד אָבער באַרואיקט ער זיך. פונעם קאָרידאָר קומט אַריין דער גראָבער פּולבלוטיקער דעטעקטיוו, וואָס זיצט דאָ אין שאַפ פון נאָכמיטאָג אָן.

ער שטעקט אַריין, דער דעטעקטיוו, די גראָבע צוויי פינגער פוןביידע הענט אין די קעשענקעלעך פונעם וועסטל און שמייכלט באַרימעריש צום באַלעבאָס.

ס׳הייסט:

זאָל דער באָס ניט מורא האָבן. אז ער איז דאָ, איז זיך ניטאָ וואָס צו שרעקן.

און:

ס'אָרייט, די צוויי „אָפּיסערס", וואָס שטייען אונטן בײַ דער טיר, האָבן געכאַפּט דעם העכט, וואָס האָט צעבראָכן די שויב. ס'אָרייט, די „באָיעס" וועלן שוין „אַטענדן" צו אים...

איצט איז שוין דער באַלעבאָס כמעט אינגאַנצן באַרואיקט.

ער כאַפּט זיך צו דער קעשענע, וואו ס'ליגט זיין זילבערנע ציגאַרעט־פּושקע און דערמאָנט זיך אָבער באַלד, אַז „אַזעלכעס" רויכערט ניט קיין מילדע ציגאַרעטלעך:

„ס'אָלרייט, ער וועט אים שוין שפּעטער געבן אַ גוטן טריט. ער, דער דעטעקטיוו, וועט זיך ניט נאַרן אין אים — מיסטער רובין ווייסט, ווי צו שאַצן געטרייע אַרבעט."

דערווייל איז שוין סערקע די פינישערן געקומען צו זיך. סעם דער „מאָלדאַוואַן" שטייט לעבן איר מיט אַ גלאָז וואַסער אין האַנט, און כאַפּט אַלע ווייל אַ פאַרגנבעטן בליק אַף אירע מאָגערע בריסט, וואָס שטעקן אַרויס פון דער צעבראַסטעטער קאָפטע. זי באַמערקט דאָס און פּרואווט זיי פאַר־דעקן מיט אירע אָדערדיקע הענטלעך. דערביי פאַרקנייטשט זי ס'פּנים, קרימט אויס דאָס פּיסקל און פּישטשעט אַרויס פּונקט אַזוי, ווי זי האָט געזען מ'טוט אַף דער אידישער בינע:

„אוי, די מענער, די מענער!"

ביסלעכווייז זעצט מען זיך שוין צוריק אויס בײַ די מאַשינען. דער „טשיינימאַן" פאַרקניפּט דעם פאָדעם פון אַ פרייש קלעצל צום פאָדעם פון אַ געענדיקטן, ברומט זיך אונטער עפּעס אַ חזנישן ניגון אונטער דער נאָז און טראַכט שוין פון עפּעס אַ נייעם פּלאַן:

אַ כוליערע, אַ כוליערע, טראַכט ער, 'עלן זיי בײַ אים אַלע נעמען. זיי וועלן בײַ אים אַלע פליען פון שאָפּ — ער דאַרף זיי דאָ קיינעם ניט האָבן! זיי וועלן בײַ אים אַלע פליען פון דאַנען, אינאיינעם מיט דער יוניע. ניין, טאַקע אַף אַן אמת, צו וואָס דאַרף ער זי האָבן, די יוניע? גלאַט אַבי צאָלן דיוס און טעקסעס? ער'ט זיך מאַכן אַן אייגענע יוניע! ס'אָרייט, ס'איז אַף אים אויך אַ רחמנות. ער האָט אַ פּלאַן, זאָל ער אַזוי געזונט זיין, אַ פּלאַן, גאָלד מיט זילבער.

ער וועט ווערן אַ סאַב־קאָנטראַקטאָר!

ס'אָרייט, ער האָט שוין גענוג געשקלאָפּט בײַ יענעם, ער מעג שוין אַמאָל אויך האָבן אַ גרינג שטיקל ברויט.

ס׳אַזוי:

צו וואָס דאַרף דער באַלעבאָס, מיסטער רובין, זיך דרייען אַ קאָפּ מיט דער יוניע, זיך אויסעסן אַלע מאָל דאָס האַרץ, ווען ס׳קומט צו „צעטלען״ פּרייזן, אַז ער קען האָבן די גאַנצע יוניע באַ זיך אין שאַפּ! ער, אָשר צווייג־מאַן („נאָ מאָר טשיינימאַן!״), וועט שוין אַטענדן צו דעם — זאָל מען אים נאָר לאָזן.

ער ווייסט וואָס צו טאָן:

ס׳ערשטע וועט ער זיי אַלע איינפּאַקן — אַז ער דאַרף זיי דאָ קיינעם ניט האָבן! נישקשה, ס׳זיינען דאָ געננוג שיקסעס, וואָס ווילן אַרבעטן — זיי דאַרפן אויך מאַכן אַ לעבן. מיטן פּרעסער וועט ער ווערן שלום — ער האָט אַ פּאָר געזונטע ידיים, דער געשטופּלטער מאָנקי, עט׳ן זיי קענען „יוזן״. ווייטער איז אָ׳רייט.

אם ירצה שם שבת, אַז מ׳עט לעבן און זיין געזונט, וועט ער זיך דורכ־רעדן מיטן באַלעבאָס. וואָס קען עס אים אַרן, דעם באַלעבאָס, אַז נאָך אַ מאַן וועט מאַכן לעבן אים אַן אָנשטענדיק לעבן? וואָסי, ס׳דאַרף אים דען קאָסטן עפּעס געלט? אדרבא, פאַרקערט, ס׳לוינט זיך אים נאָך בעסער. ער וועט איבערגעבן אים, מיסטער צווייגמאַנען, אַלע קעפּלעך און זאָל ער זיך שוין פאַרדרייען זיין קאָפּ! מ׳עט אָפּמאַכן די פּרייזן פון אַ „סיקס־סעווענטי־פייוו״ און אַ „טען־סעווענטי־פייוו סטרעיט״ פאַר אַ גאַנצן סיזן — און אַראָפּ אַ באַדער. וויפיל ער, אָשר, וועט צאָלן די שיקסעס, דאָס איז שוין זיין זאַך, ס׳איז ביזנעס, יונאָ . . .

באַ אים, באַם „טשיינימאַן״, איז שוין אַלץ פאַרטיק. ער זעט זיך שוין אַ מסוכן פאַרנומענעם אַרומלויפן איבערן שאַפּ, און אַלע מאָל אַ האַווקע טוענדיק אויף אַן אַנדער אַרבעטער, פּונקט הינטער יענעמס פּלייצעס:

„סיניאָראַ, וואַצעמאַ? מי נאָ לאַיקע דיסאַ וואָיק!״

די איטאַליענערקע גיט אַ ציטער און גראָבט איין טיפער דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען. ער באַרואיקט זיך אָבער ניט, דער „טשיינימאַן״:

אַ נעגערטע דאַרף וויסן, אַז מ׳צאָלט איר אַכט טולער אַ וואָך, זאָל זיך איר ניט פאַרגלוסטן אין מיטן דרינען זוכן אַ שטיקל טשואינגגאָם אין פּאַקעטבוק:

„עי, יו, מאָנקי פּעים, וואַצעמעדער?״

דאָס פּנים זיינס שטראַלט, די שמאָלע אייגעלעך לויפן אַרום איבערן שאַפּ און זעען פאַר זיך בלויז „שיקסעס״.

שוין, פּטור געוואָרן אַ חמץ! ניטאָ מער דער „קאָנסאָמשאָניק", אַ כוליערע אָף אים! דעם „מאָלדאַוואַן" דאַרף ער אויך ניט האָבן — ער האָט אים אין ברוקלין. די „נבלה" וועט ער שיקן קיין „ערציסרול" — אַז ער דאַרף זיי דאָ קיינעם ניט האָבן!

פונדעסטוועגן, מיטן קאַטער האָט ער איינזעעניש: דער קאַטער, טראַכט ער, וועט בלייבן דער זעלבער. ער, דער „טשיינימאַן", וועט זיך ניט מישן אין קאַטינג, ער וועט בעסער נעמען געשניטענע אַרבעט. צו וואָס דאַרף ער האָבן אַ באַדער מיטן שניידן — אַז צום דזשאַבער קען ער סיי־ווי ניט אַרויפקומען. אַמער, זאָל זיך דער באַלעבאָס פאַרדרייען זיין קאָפּ און ער, מיסטער איזראַעל צווייגמאַן, וועט זיך מאַכן באַם געשניטענעם באָנדל, וויפיל גאָט וועט געבן, און פּטור אַן עסק — אַ מענטש דאַרף ניט האָבן קיין גרויסע אויגן!

די שמאָלע אייגעלעך באַטראַכטן דעם באַלעבאָס זייערן, פון דער ברוסט אַזש ביז די ברוינע פאַרפלעקטע שיך, און זיינען גאָר צופרידן. זיי זעען איצט אין זייער באַלעבאָס אַ נייעם מענטשן — עפּעס גאָר אַן אַנדער באַ־שעפעניש. אַי, ווען זיי קענען נאָך אַ קוק טאָן אונטער דער פּאַפּירענער יאַר־מולקע און זען, ווי פון גרויס פרייד שלאָגן אַרויס טראָפּנס שווייס אָפן גלאַטן פליך און צערינען זיך איבער די עטלעכע זייטיקע קוטשעראַווע הערע־לעך. שוין אָפּגערעדט, ווען זיי קענען אַ לעק טאָן דעם שווייס, וואָלטן זיי גאָר אַנדערש ניט געטראַכט, אַז דאָס איז האָניק און ניט קיין געזאַלצענער ברודנער שווייס...

דער „האָניק" גליטשט זיך צו־ביסלעך אַראָפּ פונעם פליך אָפן שטערן און פונעם שטערן איבער דער נאָז. אָבער מיסטער איזראַעל צווייגמאַן פילט אַפילו ניט, ווי ס'ווערט אים נאַס אונטער דער נאָז. ער איז נאָך אַלץ פאַר־נומען מיטן „איינפּיקסן" דעם שאַפּ.

דער פּלאַן זיינער איז ווי אַ קויל פון שנײ — וואָס מער ער קייקלט אים באַ זיך אין קאָפּ, אַלץ מער פלענער קלעפּן זיך צו אים צו און ער ווערט גרעסער:

שאַ, פאַרוואָס זאָל ער טאַקע אָף אַן אמת ניט האָבן אַ שטיקל יוניע דאָ אין שאַפּ? ס'עט זיך לוינען. ערשטנס, וועט זיך דעם באַלעבאָס לוינען אים איבערגעבן די קעפּלעך. די דיום וואָס ער'ט קאָלעקטן, עט ער איבער־געבן דעם באַלעבאָס און ער קען דאָס געלט אַוועקגעבן אַפילו פאַר ארץ־ישראל. בנאמנות, ס'עט זיך לוינען! די שיקסעס? אַ דאגה האָט ער מיט

זיי ! מ׳עט זיי זאָגן יוניע, איז יוניע. א „דיפרענץ״ זיי, די יוניע, יענע יוניע — אבי א יוניע. צווייטנס — צווייטנס, איז דער עיקר ער זאָל דאָ ווערן עפּעס א שטיקל מאַכער און נאָכדעם עט שוין זיין אָרייט.

ס׳אזוי :

דאָס ערשטע מוז ער ווערן טשערמאַן. און אז ער וועט שוין ווערן טשערמאַן, וועט ער ביסלעכווייז קענען פאַרהאַנדלען מיטן באַלעבאָס. וואָרים, ווי זאָגט דער גוי אין יוראָפּ : „ני קאַזשי האָפּ פּאָקא ני פּערעסקאָטשיש״. ער וועט פריער ווערן טשערמאַן, נאָכדעם א טאָפּ טאָן דעם דופק באַם באַלע־באָס, צי ער איז ניט בלאָט מיט דער יוניע, — נאָכדעם עט מען שוין זען וואו מ׳האַלט. צו וואָס זאָל ער זיך כאַפּן ? דער עיקר איז, ווערן טשערמאַן און זיין שלום מיט וועמען ס׳לוינט זיך.

און כדי אַרויסצווייזן דעם פּרעסער, אז ער איז אים גאָרניט אזא שונא ווי ער מיינט, נוצט ער אוים די געלעגנהייט, ווען די „נבלה״ לאָזט זיך גיין צום פּרעסער, ער זאָל אים צופּרעסן די קאָלנערס, וואָס ווילן זיך באַ אים בשום אופן ניט אויסלייגן גוט. ער טוט, דער „טשיינימאַן״, האַסטיק א דריי אוים דעם קאָפּ צו דער „נבלה״, לאָזט אַראָפּ די ברעמען איבער די אויגן, אזש די קליינע אייגעלעך זעען זיך שוין איצט אינגאַנצן ניט אַרוים, און שרייט אַרוים מיט רוגז :

— וואָסי, „נבלה״ ? מיינסט, דער מאַן מאַכט א לעבן פון דיר ? ער האָט מער ניט וואָס צו טאָן, נאָר דיר אַלע מאָל צופּרעסן עפּעס אַן אַנדער שטיקל אַרבעט ?

און צום פּרעסער בלומרשט טויט־ערנסט :

— אפשר וואָלט איר, מיסטער ווײַנשטיין, אויסגעלאָשן דאָס אייזן און אים געגאַנגען איינפּיטן די קאָלערס, אָדער גאָר אינגאַנצן אויפמאַכן פאַר אים דאָס באָנדל ? בנאמנות, איר וועט פאַרדינען א מצוה, ער איז נעבעך א קיילעכיקער יתום — ער האָט ניט קיין זיידן און ניט קיין באָבען.

ער קוקט זיך אום אויף די אָפּערייטאָרס, ווי איינער, וואָס האָט דאָ גאָר־וואָס אָפּגעזאָגט א גוואַלדיקע חכמה און וואַרט די צוהערער זאָלן אויסשיסן א געלעכטער. די אָפּערייטאָרס לאַכן אָבער ניט. פאַרקערט, זיי האָרבען זיך נאָך שטאַרקער איין און מאַכן זיך ווי זיי הערן גאָרניט וואָס ס׳קומט דאָ פאָר. בלויז דער טשערמאַן, מיסטער גראָס, גיט יאָ א קרום שמייכעלע, ווי ער וואָלט געזאָגט :

„מילא, זאָל מיינם איבערגיין. כ׳זע דאָך שוין, אַז דו וועסט דאָ זיין דער מלך — נו, מילא.״

דער „טשיינימאַן״ דאַרף אָבער ניט האָבן זיין שמייכעלע. פאַר אים איז דער טשערמאַן שוין טויט.

דער פּרעסער גיט אַ שמאָרע מיט דער געשטופּלטער נאָז און ענטפערט גאָרניט. באַ זיך אָבער טראַכט ער:

„דער טשיינימאַן דרייט שוין דעם דישעל צוריק, ער מיינט ער׳ט מיר בלאָפן.״

פונדעסטוועגן גיבן זיינע שטופּלען אַ קליינינקן, טאַקע גאָר גאָר אַ קליינינקן שמייכעלע:

„אָרייט, מירן זען, אפשר מיינט ער טאַקע ביזנעס, דער קאַטאַיעץ.״

די „נבלה״, וואָס איז געוואוינט איינהאָרבען די פּלייצע, ווי אַ גע־שלאָגענער הונט פאַרדרייען דעם ווײדל און פאַרשווייגן יעדע עולה, וואָס עמיצער באַגייט קעגן אים, ענטפערט קיין וואָרט ניט און קערט זיך אום צוריק צו דער מאַשין.

איצט דערפילט ער, דער „טשיינימאַן״, ווי ער וואָלט טאַקע אין דער אמתן געווען דאָ אַ שטיקל באַלעבאָס. ער הייבט זיך אויף פון דער מאַשין און גייט צו צו דער „נבלה״ אים ווייזן ווי אַזוי „מ׳פּיט״ אַריין דעם קאָלנער:

— קי נאָר, קי (קוק נאָר, קוק), ליימענער גולם, לייג אים אַוועק „נאַטש״ צו „נאַטש״ און „פּין״ אים צו. איצט „טעק״ אים צו אָט־אָ־דאָ־אָ, קאַליקע, ניט דעם „נעק״! גיב נאָך אין דער פראָנט, אָט אַזוי. נו, ס׳ט שוין וויסן? אַבי באַדערן אַ מאַן אומזיסט און אומנישט!

אַז ער זיצט שוין צוריק באַ דער מאַשין, מאַכט ער זיך נאָך אַלץ געפּער־לעך ברוגז און בורטשעט אַ צעבעסטער אונטער דער נאָז, אַזוי אַז דער פּרעסער און דער באַלעבאָס, וואָס געפינט זיך דעמאָלט אין שאַפּ, זאָלן אים הערן:

— נו, נו, אַמעריקע אַ לאַנד און די „נבלה״ אַ דרעס־אָפּערייטאָר, נו, נו!

ס׳איז אים אָבער קאַרג, דעם „טשיינימאַן״. ער דאַרף איצט ווייזן דעם באַלעבאָס, אַז זיי, אָט די אַלע אָפּערייטאָרס, זיינען גרויסע קאַליקעס און נאָר ער איז דאָס דער גוטער באַלמעלאָכע, וואָס „פאַרשטייט אַ גאַרמענט״ און קען אין אים „אַריינקריכן״ פונעם ערשטן קוק. צופיל ווערטער צו דעם נוצט ער ניט. ער גיט נאָר אַ פיר מיט דער האַנט אין דער לופטן, ווי ער וואָלט מיט אַ שטיקל קרייד געמאַכט אַ צייכן אַרום די אָפּערייטאָרס, גיט אַ

פּאַסקודנע שמייכעלע מיט די הוילע באַקן און דרייט אוים דעם קאָפּ צום באַלעבאָס:

„קאַלאַמבוסעס שנײַדער!"

דאָס אַלץ.

נאָכדעם, ווען דער באַלעבאָס גייט לעבן אים פאַרביי, דערפילט דער „טשיינימאַן", אַז איצט איז פּונקט די צייט אַריינוואַרפן אַ קיילעכיקס אָף שפּעטער, ווען ער וועט דאַרפן רעדן מיט אים וועגן „ביזנעס". איצט, טראַכט ער, איז דערוויייל גוט ווייזן דעם באַלעבאָס, אַז ער, דער „טשיינימאַן", איז ניט עפּעס אַזוי, עפּעס גלאַט אַ באַלמעלאָכע, ווי אָט די אַלע גאַרנישטן. ניין, ער איז גאָר אַן אַנדער מענטש. ער איז אַ מענטש, וואָס האָט ליב „נעמען אַן אינטערעס אין די ביזנעס". ער בויגט זיך צו נעענטער צו דער מאַשין, פאַרטיפט זיך גאָר ערנסט אין דער אַרבעט און רעדט צום באַלעבאָס:

„כ'פאַרשטיי ניט, מיסטער רובין, דאַכט זיך, די לערי פאָקס, אייערע דזשאָבערס, זיינען אַ דרעס־הויז שוין ניט פון נעכטן אָן. זיי האָבן דאָך שוין יאָ געהאַט, ווי מ'זאָגט, אי קאָלטס, אי וואָרעמס, אי ביזי, אי סלעק, און דאָך געבליבן די זעלבע ריספּאָנסיבל הויז אין די גאַרמענט־ביזנעס. אַ מאַנופעקטשורער, וואָס האָט געאַרבעט פאַר זיי, פלעגט אַלע מאָל מאַכן אַ שיין לעבן. היינט — אַן איבערגעקערטע וועלט, בנאמנות. דער מאַנופעקטשו־רער שפּייט אוים די גאַל באַם פּראָדאָקשאָן־מאַן, עסט זיך אוים דאָס האַרץ באַ די באַלמעלאָכעס און האָט דערפון גאָרנישט. און דער באַלמעלאָכע קען אויך קיין לעבן ניט מאַכן. אַ משוגענע וועלט, בנאמנות. סי דען דרעסעס, סי דאָך רעגעלע שטיינער."

דער באַלעבאָס גיט אַ מעסט אָפּ דעם גראָבן האַלדז און נאַקן פונעם „טשיינימאַן" און ענטפערט גאָרניט. ערשט אַז ער גייט אָפּ אַ ביסל ווייטער, גיט ער אַ זאָג, ווי ניט נאָר אים אַליין, נאָר דעם גאַנצן שאָפּ:

— וואַרט, מ'עט נאָך זיין צופרידן, אַז מ'עט קענען קריגן די שטיינער אויך.

און מער קיין וואָרט ניט.

קיינער ענטפערט ניט דעם באַלעבאָס, אפילו ניט דער „טשיינימאַן". באַם „מאָלדאַוואַן" נאָר צעציטערן זיך שטאַרק די הענט. דער „מאָלדאַוואַן" איז איצט אין כעס. ער איז געפערלעך ברוגז אי אָף די „שטיינער", אי אָפן „טשיינימאַן" — אָפן „טשיינימאַן" מער פון אַלץ. ס'פאַרדריסט אים ביזןביין, פאַרוואָס דער „טשיינימאַן" פירט זיך איצט אין שאָפּ, ווי ער וואָלט

דאָ טאַקע דער גאַנצער באַלעבאָס געווען, און הייסט דעם פּרעסער ניט צופּרעסן די קאָלנערס. ווי אומיסטן רייסן זיך בא אים די באַוול און דער „סטיטש" האַלט זיך בא אים אין איין „האַקן".

ער גיט אַ ריס דאָס שטיקל אַרבעט פון אונטער דער נאָדל און וואַרפט עס אַריין אין בלעכענעם קעסטל. פון דאָרט נעמט ער אַרויס די קאָלנערס און נעמט זיך מיט גרויס פליס זיי נייען. ער איז אַ בעלן הערן, וואָס דער „טשיינימאַן" וועט זאָגן, ווען ער וועט אַוועקטראָגן די קאָלנערס צום פּרעסער. די ליפּן זיינע ציטערן פון גרויס אויפרעגונג און די אויגן וואַרפן אַלעמאָל אַ בליק אַף דער גרויסער שער, וואָס איז מיט שמאַטקעלעך אַרומגעבונדן בא די אויערן:

„מיט דער שער, מיט דער שער 'על איך אים דערלאַנגען איבער דער יאַרמעלקע, זאָל ער נאָר אָנהויבן!"

פאַרטיק געוואָרן מיט די קאָלנערס, הייבט ער זיך אויף פון זיין אָרט, רייסט אָפּ יעדן קאָלנער באַזונדער פון פאָדעם, דרייט זיך אויס מיטן פּנים צום „טשיינימאַן" און קוקט אַף אים מיט בייזע אויגן. ער וויל, דער „טשיינימאַן" זאָל דער ערשטער אָנהויבן — וועט ער אים באַלד געבן „מיט דער שער איבער דער יאַרמעלקע".

דער „טשיינימאַן" מאַכט זיך אָבער ניט זעענדיק. ער ווייסט איצט אַליין ניט וואָס צו טאָן. ס'גלוסט זיך אים זייער ניט פאַרטשעפּען דעם „מאָלדאַוואַן". ס'איז אים אָבער זייער שווער דורכלאָזן אַזוי דעם „מאָלדאַוואַן".

ער ווייסט:

פאַרשווייגט ער איצט דעם „מאָלדאַוואַן" און לאָזט מ'זאָל אים צופּרעסן די קאָלנערס, פאַרלירט ער דעם פּרעסער. דער פּרעסער וועט דערזען, אַז נאָר אַף דער „נבלה" קאָן ער עפּענען אַ מויל — וועט ער ניט וועלן האָבן צו טאָן מיט אים. ער מוז פאַרטשעפּען דעם „מאָלדאַוואַן", זאָל זיין וואָס ס'וויל זיך. אָרייט, ער וועט ניט שרייען אַף אים, ווי אַף דער „נבלה", ער וועט אים נאָר אַ שטאָך טאָן.

דער „מאָלדאַוואַן" שטייט נאָך אַ ווײַלע לעבן זיין מאַשין און וואַרט אַן אומגעדולדיקער, יענער זאָל שוין עפענען דאָס מויל. ער דערוואַרט זיך אָבער ניט און לאָזט זיך גיין צום פּרעסער. שוין לעבן פּרעסער, דערהערט ער, ווי דער „טשיינימאַן" שרייט מיט אַ כאָרכלדיק קול, ווי ער וואָלט זיך געוואָרגן:

—א שאָפּ מיט גאָלדענע באַלמעלאָכעס. מ'דאַרף זיי יעדן פּינגער באַ־זונדער אַרויסנעמען און אויסקושן!

און אין אַ ווײַלע אַרום:

— נו, נו! אַ „פּליינעם קאַלער" קען מען ניט אײַננייען!

דער „מאָלדאַוואַן" דרייט זיך האַסטיק אויס צו אים און זײַן פּנים ווערט אָנגעגאָסן מיט בלוט:

— „טשיינימאַן", ליג אײַנגעלייגט!

— ווער ס'פּילט זיך, דער מיינט זיך!

— וואָס, איך פּיל זיך?! דו פּאַרך, דו... סאָנאָוואַביטש!

ער גיט אַ שפּרונג, דער „מאָלדאַוואַן", צווישן די אײַזערנע „רעקס", אויף וועלכע ס'הענגען די פּאַרטיקע קליידלעך, און איז שוין לעבן „טשיינימאַן". מיט איין האַנט כאַפּט ער אים אָן באַם קנופּ פון זײַן שניפּס, שלעפּט אים אַוועק פון בענקל, מיטן פוס שטויסט ער אָפּ דאָס בענקל אָן אַ זײַט און גיט דעם „טשיינימאַן" אַ זעץ אַראָפּ גלײַך אויפן דיל.

ווײַטער ווייסט ער ניט וואָס צו טאָן, אַזוי צעטראָגן איז ער שוין.

דער „טשיינימאַן" ווייסט אויך ניט וואָס צו טאָן. ער זיצט אַ דער־שראָקענער אויפן דיל און ווייסט ניט, צי זאָל ער שרייען גוואַלד, צי זאָל ער גאָר מאַכן אַ שפּאַס פון דער גאַנצער זאַך.

סערקע די פּינישערן וואַקסט דערווײַל אויס צווישן זיי. זי וויל אָפּרייסן דעם „מאָלדאַוואַנס" האַנט פונעם „טשיינימאַנס" שניפּס — און ציט נאָך מער דעם „טשיינימאַנס" קאָפּ צום דיל. דער „טשיינימאַן" איז אַזש געל פאַר שרעק. אַ פּאַרע זעצט פון אים, ווי פון אַ פּגירה, וואָס מ'האָט אַרויס־געגראָבן פון אונטערן שניי. ס'ציטערן באַ אים די ליפּן, ער וויל עפּעס זאָגן און קען ניט. זײַן גאַנצער אויסזען איז איצט, ווי פון אַן איבערגעשראָקן פערד, וועמען מ'שלעפּט פאַרן ציימל פון אַ ברענענדיקער שטאַל, און ער, דאָס נאַרישע פערד, רירט זיך ניט פון אָרט.

טעלעבע אַרבעטער זײַנען שוין אויך דאָ אַרום זיי. זיי קאָכן זיך, פּאָכען מיט די הענט — און קיינער טוט דערווײַל גאָרניט.

דער דעטעקטיוו שפּאַרט זיך דורך מיט זײַן בויך צווישן עולם. ער גיט אַ נעם דעם „טשיינימאַן" הינטן, באַ דער פּלייצע, און שטעלט אים אַוועק ווי אַ הילצערנעם גולם, וואָס שאָקלט זיך אונטער און קען נאָך זײַן גלײַכ־געוויכט ניט געפינען. דעם „מאָלדאַוואַנס" און סערקעס הענט שפּרינגען דעמאָלט אָפּ פונעם „טשיינימאַנס" שניפּס, ווי זיי וואָלטן געווען אויף פרוי־

זשינעם. די אַרבעטער רוקן זיך איינציקווייז אַוועק צו זייערע מאַשינען.
זיי ווילן זיך ניט מישן.

זיי האָבן גאָרניט געהערט, גאָרניט געזען — ס'איז ניט זייערע ביזנעס.

דער דעטעקטיוו האַלט שוין איצט דעם „מאָלדאַוואַן" און דעם „טשייני-מאַן" הינטן, באַ די קאָלנערס, טרייבט מיטן אויפגעלאָפּענעם בויך די „לעידי", סעריקע די פינישערן, „טו העל", „וואו זי באַלאָנגט", און וויל נאָר וויסן איינס: „ליסן היר", ווער האָט דער ערשטער אָנגעהויבן ס'געשלעג?

דער אַלטער באַלעבאָס, מיסטער סיגל, רוקט זיך אַרוים מיט אַ זייטעלע פון אָפיס. ער מיינט חלילה גאָרניט, מיסטער סיגל, ער זוכט נאָר דעם „סעמפּל" פונעם „געפינישטן לאָט" — ווייטער גאָרניט. נאָר אַז ער דערזעט, ווי דער דעטעקטיוו האַלט צוויי פון זיינע באַלמעלאָכעס באַ די קאָלנערס, גיט ער אַ ברייטן שאַר זיינע פיס אָפּן דיל (די פיס האָבן אַ טבע אַלעמאָל צו שקראָבען, ווען זיי באַוועגן זיך), ער גייט צו צום דעטעקטיוו און וויל אויך וויסן, „וואָס איז דער מער מיט די לייטע?" ער הייסט דעם דעטעקטיוו זיי אָפּלאָזן און גיין צוריק צו זיין אָרט — „מ'צאָלט אים נאָר ער זאָל וואַטשן דעם שאָפּ פון די קאָמוניסטן. דאַצאָל."

און צום „מאָלדאַוואַן" מיטן „טשייני-מאַן" גיט ער אַ בייזן וואָרטשע:

— אָדער נייט, אָדער גייט! ס'איז דאָ ניט קיין מעדיסאָן סקווער גאַרדן, וואו מ'פּאַיט זיך אַרום און מ'מאַכט עקסטרעסייזעס.

און צום סוף:

— מיטן מויל קען מען עסן אפילו ד—, אָבער מיט די הענט — אַזאָם!

דאָס אַריינמישן זיך פונעם אַלטן באַלעבאָס, מיסטער סיגל, צווישן די אַרבעטער איז ניט מער ווי אַ שליחות, וואָס ער פירט דורך פאַרן נייעם באַלעבאָס, מיסטער רובין.

אַ קלוגיטשקער איז ער, מיסטער רובין. ער האָט אַמאָל, אין זיינע בחורשע יאָרן, מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן (אַף פּענסנע האָט ער נאָך דעמאָלט קיין געלט ניט געהאַט) אַ שאַר געמאָן צווישן די שורות פון די גראָבע ביכער און אויסגעקליבן פאַר זיך עטלעכע „פּערלדיקע" געדאַנקען, ווי ער וואָלט געפילט דעמאָלט, אַז שפּעטער מיט יאָרן וועט ער זיי קענען נוצן. ער האָט זיך אויסגעלערנט אין יענע ביכער, אַז ווען אַרבעטער קריגן זיך — לעבן די באַלעבאַטים בשלום. שפּעטער איז ער שוין דערגאַנגען מיט זיינע אייגענע שפּיציקע געדאַנקען, אַז נאָך בעסער איז, ווען זיי פּאַטשן זיך דורך פון צייט צו צייט. צופיל זיך שלאָגן טאָר מען זיי ניט דערלאָזן — די

פּעטש קענען נאָך חלילה אַ טעות האָבן אין חשבון און פאַרבלאָנדזשען צום באַלעבאָס...

דערפאַר האָט ער איצט אַרויסגעשיקט מיסטער סיגלען, יענער זאָל דער־ווייל פּאַרטישקעווען די קריגערייען.

היינט, האַלט ער, דאַרף דאָ זיין שטיל. די לופט טאָר איצט ניט ווערן צו הייס, ווייל אַ פייער — אַ גרויס פייער לויערט אין דרויסן אַרום שאַפּ. אַ ליאַדע ווינטעלע קען נאָך אַ צי טאָן, די הייסע לופט וועט זיך אָנכאַפּן, און דעמאָלט — דעמאָלט קען נאָך דאָס פייער פון שאַפּ זיך דורכרייסן דורך די פענצטער און טירן און ווערן חבר מיטן דרויסנדיקן פייער — ווערן איין גרויסער פייער איבער זיין קאָפּ...

אַליין אָבער גייט איצט מיסטער רובין ניט אַרויס פונעם אָפיס. ער ווייסט, דער אַלטער איז מיט זיי היימישער ווי ער; ער, דער אַלטער, איז מיט זיי „ווי איינער פון אַ גרויסער משפּחה".

ס'איז אָבער אומזיסט. יענער וועט שוין צו קיין שלום ניט ברענגען „זיין" גרויסע משפּחה.

אין שאַפּ איז דוקא שטיל אַצינד. קיינער רעדט ניט. דער דעטעקטיוו נאָר זיצט בײַ דער טיר, פּיילט זיך מיט אַ פּיילעכל די נעגל פון זיינע גראָבע פינגער און האַלט אין איין אַרויסזייען דורך די ציין אַ „דעמיט" מיט אַ „ביטש". ער איז מסוכן ברוגז, וואָס ער טאָר ניט פאַרפאָרן עמיצן אין די ציין . . .

ווייטער איז שטיל אין שאַפּ.

סערקע שטשאָבעט גיך־גיך מיטן נאָדעלע און שעלט מיט אירע אויגן אויף שטום־לשון דעם „טשיינימאַן" מיט טויטע קללות. דער „טשיינימאַן" בייסט איצט די פּאָר האָר פון זיין בערדל און איז גאָר־גאָר ברוגז אויפן פּרעסער, פאַרוואָס יענער האָט זיך ניט אָנגענומען פאַר אים. און היימי דער פּרעסער מיט דער געשטופּלטער נאָז שטייט זיך בײַ דער אַרבעט ווי געוויינטלעך — ווי ס'וואָלט היינט אין שאַפּ נאָך גאָרניט געטראָפן. ער ניט נאָר אַלע מאָל אַ בייזן קוק אויף די דריי נעגערשע מיידלעך, זיינע אַרויס־העלפערנס, און ווייל נאָר וויסן בײַ זיך אין די געדאַנקען, וואָס וועט ווייטער זיין.

בײַ זיך טראַכט ער:

„ער'ט זיך ניט מישן. ער'ט זען ווער ס'האָט אַ גרעסערן טשענס צו ווערן אַ טשערמאַן — מיט דעם איז ער."

איינער נאָר, די „נבלה", זיצט איצט בײַ זײַן מאַשין, ברומט פֿון מויל אין דער נאָז אַרײַן עפּעס אַן אומפֿאַרשטענדלעך לידל און איז גוואַלדיק צופֿרידן. ער גיט פֿון צײַט צו צײַט אַ קוק אָפּן „מאַלדראַוואַן", און זײַנע זומערשפּרינקעלעך, וואָס גייען קיינמאָל ניט אַראָפּ פֿון זײַן פּנים, צעשמייכלען זיך. זײַנע אויגן שרײַען אַצינד צופֿרידענע צו אַלעמען:

„קוקט נאָר, מענטשן, דאַכט זיך וואָס? אַ פּשוטער 'מאַלדראַוואַן', מיט אויגן ווי גלעזערנע באַנקעלעך, מיט אַ גלאַנציקן שטערן — און אַזאַ וואויל מענטשל!"

בײַ אים קומט אַנדערש ניט אויס, אַז דאָס גאַנצע געשלעג איז פֿאָרגעקומען צוליב אים. דער „מאַלדראַוואַן" האָט זיך ניט אָנגענומען זײַן אייגענע קריוודע — נאָר בלויז און טאַקע נאָר זײַנע, דער „נבלהס"....

ווען ער שעמט זיך ניט, וואָלט ער צוגעלאָפֿן צום „מאַלדראַוואַן", אים אַרומגענומען מיט ביידע הענט און אים אויסגעקושט אַלע „זיבן און זיבעציק" אברים. ער וואָלט אים דערציילט, אַז ביז היינט, ביז איצט־אָ, האָט ער אים פֿיינט געהאַט ווי אַ שפּין, אַז ביז איצט־אָ האָט ער פֿון גרויס שנאה צו אים ניט געקענט קוקן אויף זײַנע געלע ציין און דעם גרויסן אויליקן שטערן. נאָר צווישן זיי זאָל דאָס בלײַבן, ער טאַקע, דער „מאַלדראַוואַן", איז אינגאַנצן שולדיק אין דעם. צו וואָס האָט ער באַדאַרפֿט זיך אים נאָכקרימען און אַלע מאָל אים אויסלאַכן פֿאַר די מיידלעך אין די אויגן? נאָר מילא, מ'רעדט ניט דערפֿון. זײַן מצוה פֿון „בין אדם לחברו" וועגט אַריבער אַלע עבירות, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן אים ביז איצט...

# קאפיטל דריי

## I

פרי רוקט זיך אָן דער פארנאכט אין שאָפּ.

א קאָליר, וואָס מיניעט זיך פון גרוי אָף בלוי און פון בלוי אָף שווארץ, פארבט אויס די שויבן פון די פענצטער. צום ליכט פון די לאָמפּן, וואָס ברענען א גאנצן טאָג אונטער בלעכענע אבאזשורן, גאָר נידעריק איבער דער לאנגער קאָרעטע, וואָס געפינט זיך צווישן די מאשינען, קומט צו די העלע ליכטיקייט פון די גרויסע לאָמפּן, וואָס זיינען איינגעשרויפט אין דער סטעליע.

זיי ווינקען זיך איבער אָט־די לאָמפּן:

„זאָל ווערן ליכטיקער."

„זאָל ווערן פרייליכער."

מיט פּנימער פון מענטשן, וואָס בלאָנדזשען לאנג ערגעץ אָף א פאר־שניטן וועג און זיינען שוין גלייכגילטיק צום פּיצעלע געדאנק, וואָס צאנקט נאָך בא זיי ערגעץ אין די מוחות, אז אפשר וועלן זיי זיך פּאָרט דערשלאָגן צום ריכטיקן וועג; מיט פּנימער אזעלכע זיצן איצט די אָפּערייטאָרס בא די מאשינען און פירן פויל מיט די הענט — ווי יענע פארבלאָנדזשעטע, וואָס שלעפּן די מידע פיס אינעם טיפן שניי...

ס'דוכט זיך איצט, וואָלט א מענטש, א מענטש א זייטיקער, א נייער, זיך מיטאמאָל אריינגעשטעלט אין שאָפּ, וואָלט ער מיט א גוואלד ארויס פון דאנען. ער וואָלט געלאָפן איבער די גאסן, יעדן פארבייגייער געוויזן צום שאָפּ צו און זיך געבעטן בא זיי:

„ראטע־וועט! רא־טע־וועט!"

## II

די קעפּ אריינגערוקט טיף צווישן די אקסלען, די איינגעהאָרבעטע פּלייצעס שפּיציק אויפגעשטעלט, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: „נאט, פּאָרט אָף אונז", זיצן די אָפּערייטאָרס פארקלערטע — און טראכטן, דוכט זיך, פון גארניט.

צום טאַקט פֿונעם מאַשין־גערויש גיט אַלעמאָל אַ שווערן שטאָלענעם קלונג איין פּרעסל נאָכן צווייטן, ווען די פּרעסערס שטעלן זיי אַוועק אַף אַ סעקונדע אַף די אייזערנע געשטעלן. דעם קאַטערס שנייד־מאַשין זשומעט אָט דין, אָט גראָב, ווי אַן איינגעגעסענע פֿליג, וואָס שטעלט זיך פּונקט אַף דער שפּיץ נאָז בײַ אַ מענטשן, וואָס איז קוים אַנדרימלט געוואָרן.

בין־השמשותדיק איז אין שאָפּ — כאָטש אין דרויסן איז שוין רעכט פֿינצטער.

פֿון יענער זייט שטאָלענע ווענטלעך, וואָס זיינען געפֿאַרבט אַף טונקל־גרין, האַלט דער באַלעבאָס, מיסטער רובין, אין איין קלינגען אין טעלעפֿאָן. ער קאָכט זיך דאָרט זייער, דער באַלעבאָס. ער קלאַפּט מיטן דאַרן הענטל אָנעם טיש, לייגט צו אַלע מאָל דאָס זיידענע טיכעלע צום מויל, ווען ער דאַרף אַ הוסט טאָן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז ער וועט נאָך חלילה אַ שפּריץ טאָן אין פּנים אַריין דעם, צו וועמען ער רעדט דורכן טעלעפֿאָן, און האַלט אין איין פּאַטאַקעווען:

„אי סי, אי סי.“

צום סוף גיט ער אַ פּליעסקע מיט די ליפּן, און אַ דין קולכל גליטשט זיך אַרויס פֿון צווישן אָט די ליפּן:

„'קיו.“

ס'מוז אפֿנים מיינען:

„טהענק יו.“

נאָכן „'קיו“ ווערט שטיל אין אָפֿיס.

ס'דויערט ניט לאַנג און די טיר פֿונעם אָפֿיס עפֿנט זיך. פֿון דאָרט קומט צוערשט אַרויס מיסטער רובין. נאָך אים שקראָבעט נאָך דער אַלטער באַלעבאָס מיט אַ מינע פֿון איינעם, וואָס איז גרייט פּאָלגן אַ גאַנג. דער אַלטער שקראָבעט אַוועק צום שוואַרצן בלעכענעם קעסטל, וואָס הענגט אַף דער וואַנט, און שטעלט אָפּ די עלעקטריק.

די אָפּערייטאָרס דרייען אויס די קעפּ צו סיגלען פֿויל, נאָר פֿאַרחידושט:

— וואָס איז? !

יענער ענטפֿערט ניט. ער גייט שוין צוריק צו מיסטער רובינען, וואָס שטייט איצט אין מיטן שאָפּ און פּאַטשט מיט זיינע ווייסע הענטלעך, ווי אַ קינד וואָס פֿעסטעט זיך:

— „ליסן היר, דזשענטלמען!“

די „דזשענטלמען" דרייען שוין די קעפּ צוריקוועגס, צו רובינען, און פּינטלען מיט די וויעס.

מיסטער רובין, ווי איינער וואָס איז בקי אין מלחמה־סטראַטעגיע, גיט צו פאַרשטיין זיינע „סאָלדאַטן", ווי בעסער זיך אויסבאַהאַלטן פון „פּיינט".

— סאָ ליסן היר, דזשענטלמען, אָווערטיים אַרבעטן מיר היינט ניט!

דעם „מיר" רעדט ער אַרויס פּונקט ווי ער וואָלט אויך געזעסן יעדן טאָג בא דער מאַשין און ווי די אָפּערייטאָרס זיך איינגעהאָרבעט אין דריי פּאָ־היבעלעס. ער איז אָבער אַ קלוגיטשקער, מיסטער רובין:

מיטן „מיר" גיט ער זיי צו פאַרשטיין, אַז נישקשה, ער אַרבעט אויך אַזוי שווער, ווי זיי, און מעג מיט אַ ריינעם געוויסן זאָגן „מיר".

וואָרים, זאָלן זיי זיך ניט נאַרן:

ווער לויפט אַרום אַ גאַנצן טאָג איבער דער שטאָט און זוכט פאַר זיי אַרבעט? — ער, מיסטער רובין!

וועמענס קאָפּ דאַרט, אַז ס'קומט צו „פּעידע"? — זיינער, מיסטער רובינס!

און בכלל גענומען, איז ער דען ניט באַרעכטיקט צו מאַכן אַ קליינעם ריוח פאַרן געלט, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין די ביזנעס?

— זיי פאַרשטייען? איצט איז פּונקט פינף אַזייגער, ווען פונעם גאַנצן מויער און פון אַלע שעפּער גייט מען אַרונטער — איז ניט שלעכט, פאַר־שטייען זיי אים, ווען זיי וועלן אויך אַרונטערגיין און זיך אויסמישן מיטן גאַנצן עולם. די לינקע, ווי ער פאַרשטייט, האָבן עפּעס פאַרטראַכט, וואָרים ווי שיקט זיך עס, זיי זאָלן זיך אַ גאַנצן טאָג ניט ווייזן באַם שאַפּ מיט זייערע מוידן און מאַכן בעזנאָסע געוואַלדן?! מורא האָבן איז, פאַרשטייט זיך, ניטאָ וואָס, אונטן שטייען צוויי פּאָליסלייט. — פאַרשטייט זיך, ווער ס'וויל קען מיטנעמען מיט זיך זיין שער... — נאָר זאָל מען אים ניט שלעכט אויסטייטשן, ס'מיינט ניט, אַז זיי, אַלטע יוניאָן־לייט, דאַרפן זיך שרעקן פאַר אַ פּאָר לינקע היצקעפּ! גאָט באַהיט!

באַם „גאָט באַהיט" פאַררייסט ער די ברעמען העט ווייט אַריבער די גלעזלעך פון די פּענסנע און צענעמט די הענט אין דער ברייט, ווי אָט שוין לייגט ער זיך אָוועק מיטן רוקן אַף דער לופט און, ווי אַ געניטער שווימער אַף כוואַליעס, וועט ער זיך לאָזן שווימען דאָ אין שאַפּ.

— גאָט באַהיט! ער ווייסט, אַז זיי זיינען שוין יוניאָן־לייט ניט פון נעכטן און שרעקן זיך ניט איבער פאַר אַ פּאָר קאָמוניסטישע אינגלעך —

אָ, ניין! זאָלן זיי אים ניט אויסטייטשן שלעכט, ס׳איז נאָר, ווי זאָגט מען: „סייפטי פוירסט" — ווייטער גאָרניט.

מיסטער סיגל, דער אַלטער באַלעבאָס, פאַרזשמורעט די גרויע אייגעלעך און פינטלט אַ צופרידענער גיך־גיך מיט די וויעס. זיינע צופרידענע אויגן זאָגן גאַנץ דייטלעך:

„נו־נו! כ׳האָב שוין איינמאָל געטראָפן מיט מיין פאַרטנער! אַזוינס ווי ער — איז איינס אין דער וועלט. ש־אַ־אַ, ט׳עט ער אייך נאָך עפּעס זאָגן."

און טאַקע, מיסטער רובין האָט נאָך ניט געענדיקט.

ער גיט אַ טרייסל מיט דער לינקער האַנט, ווי זי וואָלט באַ אים פאַר־לעגערט געוואָרן, און טראָגט זי אונטער, ווי זיך אַליין אַ מתנה, גאָר נאָענט אונטער דער נאָז:

— ווי די צייט לויפט! שוין זעקס מינוט נאָך פינף. מ׳קען שוין באַלד גיין אַהיים. איז יאָ, וואָס האָט ער, הייסט עס, געוואָלט זאָגן? אָ יאָ, ווי דענקט מיסטער וויינשטיין איז בעסער: מ׳זאָל אַלע אַרונטערפאָרן מיטן פראָנט עלעוויטאָר, צי אַ טייל זאָל גיין מיטן „פרעיט"?

מיסטער וויינשטיין, דער פּרעסער, דענקט גאָרניט. אפילו זיין גע־שטופּלטע נאָז, אין וועלכער ס׳ליגט זיין גאַנצע חכמה, גיט ניט, ווי גע־וויינטלעך באַ אַזאַ געלעגנהייט, אַ טיפּזיניקן שמאָרע. זיינע גרינע קעציִשע אויגן, וואָס האַלטן אין איין טרערן פונעם קאַטער, וואָס האָט זיך נאָך פאַרשטאַרקט באַם גיין אינדערפרי אין דער יוניאָן, ענטפערן פאַר דער נאָז:

— ט׳על איך נאָר אַ פיניש טאָן די פּאָר דרעסקעס, נעמיך מיר מיינע שיקסעס און גיי אַהיים. זיך דאָ וואָס צו שרעקן!

און נאָך וועד?

געפונען דעם יאָלד, וואָס שרעקט זיך איבער?! טפו!

## III

נאָכדעם, אַז מ׳גייט אַהיים, שאַרט זיך דער „טשיינימאַן" צו צום פּרעסער און וויל, אַז ער, דער פּרעסער, זאָל אים געבן צו פאַרשטיין.

„ניין, ער פאַרשטייט ניט, וואָס האָט ער געמיינט, דער ׳קאָנסאָמשאָניק׳, ער וועט זיך אַרויפנעמען זיין נעפּיו און מאַכן דאָ אַ קאָמוניסטישע יוניע, האַ?!"

און דער עיקר:

„זאָל ער אים מוחל זיין, מיסטער ווײנשטיין, דאַכט זיך ניט קיין נאַר, האַ? און פונדעסטוועגן זיך געלאָזט פירן אין באָד פון אָט דער כוליערע! ס'איז אים, דעם 'טשײנימאַן', זאָל ער אים גלויבן, אַ ביזע בזיון פאַרן פּרעסער. וואָס זשע, מ'האָט דען ניט געקענט זען, אַז דער טשערמאַן נאַרט די לייטע און וויל זיי פאַרפירן? זאָל ער, דער 'טשײנימאַן', אײנאײנעם מיט זיין אידענע, אַזוי דערלעבן צו פירן זיין בת־יחידקע אונטער דער חופה, ווי ער האָט געוואוסט, וואָס דער סוף וועט זיין!"

דער פּרעסער שטעלט שווער די פיס אַפן אַספאַלטענעם טראָטואַר, פאַכעט די הענט לאַנגזאַם הין און צוריק, ווי מיט ווענלעס אין וואַסער, און קען באַ זיך ניט פועלן, צי זאָל ער מיטן „טשײנימאַן" ווערן „פאַניבראַט", צי גאָר אים אָנכראַקען אין פּנים... ער שנייצט אויס הילכיק און גרינטלעך די נאָז, באַטראַכט די צוויי פינגער, וואָס האָבן נאָר־וואָס אויסגעמאָלקן די נאָז, און גיט אַ קנײטש מיטן שטערן, ווי איינער וואָס האָט פיינט רעדן אַ סך, ער האָט ליב פריער אַרומקלערן די זאַך אַרום און אַרום:

— ס'עט גיין אַ רעגן, מיין רומאַטיזם האָט זיך שוין צעשפּילט.

מער דאַרף דער „טשײנימאַן" ניט האָבן — ס'איז פאַר אים גענוג. עס מיינט, אַז דער פּרעסער האָט זיך שוין מיט אים איבערגעבעטן. איצט קאָן מען שוין גלייך צוטרעטן צום תוך. פונדעסטוועגן, כדי צו קומען גרינגער צום סאַמע געדיכטן, פּרוּווט ער אוים מיטן צינגעלע דעם פּרעסער, ווי אַ קלעזמער פּרוּווט מיטן סמיטשעק דעם פידל איידער ער הויבט אָן שפּילן עפּעס אַ רעכטע זאַך:

— מיין ערשטע ווייב, איך צו לענגערע יאָר, פלעגט אויך אָט אַזוי ווי איר טרעפן אַלע מאָל ווען ס'עט רעגענען. כ'זאָג אייך, אָן זייטן פלעג איך בלייבן לאַכנדיק, ווען זי פלעגט מיר אָנזאָגן די בשורה, ווען ס'עט רעגענען. שרה, פלעג איך איר זאָגן, שרה, ביסט שוין באַלד ווי אַ חזיר אין יוראָפּ: אַ יוראָפּשער חזיר טראָגט שטרוי אין פּיסק פאַר אַ מבול און דו קנײטשסט זיך און קרעכצסט. נו, נו.

דאָ צעלאַכט ער זיך מיט אַ דריבנע געלעכטערל, ווי ער וואָלט אַצינד גערעדט מיט זיין פאַרשטאָרבענער ווייב און ניט מיטן פּרעסער. ער גיט אַ כאַפּ אַריין אין איין האַנט זיין בערדל; איין אויג מאַכט ער צו, דאָס צווייטע שמעלט ער אָן אַפן פּרעסער, ווי דעם שפּיץ פון אַ מעסער, און זאָגט שוין גאַנץ ערנסט:

— וואָס זשע, מיינט איר, האָב איך געטאָן? כ'האָב זי גענומען צו

מיין לאַדזש־דאָקטער איין מאָל, אַ צווייטן מאָל, און וואָס, דענקט איר, איז געוואָרן? ווי מיט דער האַנט האָט ער עס פון איר אַוועקגענומען! ווי מיטן מעסער אָפּגעשניטן!

איצט, ווען ער האָט אים שוין דערציילט, ווי ער האָט „געראַטעוועט" זיין ערשטע ווייב, ווייזט ער דעם פּרעסער אַרויס זיין לעצטע געטריישאַפט:

— מ־מ, ס'אַ דאָקטער דאָס איז! די הענט זאָלן אים גאָרניט וויי טאָן. ער איז דאָך נאָך עד־היום דער דאָקטער פון אונזער לאַדזש. וואָס דאַרפט איר מער — דאָ כאַפּט זיך דער „טשיינימאַן", אַז ער האָט זיך אַ ביסל פאַררעדט און איז אַראָפּ פון גלייכן וועג — שאַט, ווייסט איר גאָר וואָס? אפשר וואָלט איר זיך געזען מיט מיין לאַדזש־דאָקטער? כ'זאָג אייך, איר'ט זיך מחיה זיין, איר'ט אויפגעריכט ווערן, זאָל אונז שוין גאָט אַזוי ביידע העלפן!

דער פּרעסער גיט איצט נאָכאַמאָל אַ שנייץ אויס די נאָז, קוועטשט אַזש צו פון גרויס תענוג די אויגן און ענטפערט שוין דעם „טשיינימאַן" אינ־גאַנצן אַן איבערגעבעטענער:

— מיין דאָקטער, דיין דאָקטער — זיי ווייסן אַלע מער פון אַ טויטן. געלט ווייסן זיי נאָר צו נעמען, אַ בראָך צו זיי!

שוין, דער „טשיינימאַן" איז שוין באַלד דאָרט. ער איז שוין אַף אַ דרך מיטן פּרעסער. איצט קען ער אים שוין באַארבעטן „סטרעיט" ביז אַרונטער. ער צענעמט די הענט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט שפּאַרן מיטן פּרעסער און אים דערווייזן, אַז וואָס־וואָס, אַלע דאָקטוירים מעגן זיך טאַקע זיין גרויסע פאַרכעס, אָבער ניט זיינער:

— ניין, למאי זאָל איך דאָס זאָגן? מיינער איז ניט אַזאַ. מיינער איז אַ מענטש, וואָס לויפט ניט נאָך דעם טולער, און דער עיקר — אַ „סטריקטלי קאָנפידענשל" מאַן. דאָ ניט לאַנג, האָב איך די צאַצקע אונזערע, דעם טשערמאַן, מיסטער גראָסן, געשיקט צו אים — אַזאַ לויזער!

דעם טשערמאַן, דעם „לויזער", האָט ער שוין איצט אומיסטן אַריינ־געמישט. פון דאַנען, דרינגט ער, וועט ער קענען פאַוואָלינקע, פאַוואָלינקע טיפער אַריינגנאַרן דעם פּרעסער צו זיך אין זאַק און פאַרהאַנדלען מיט אים „ביזנעס".

— אַזאַ לויזער! כ'שיק אים צו מיין לאַדזש־דאָקטער, טו אים אַזאַ טובה, גייט ער אַוועק צו אים און דערציילט אים אָן אַף מיר וואָס אין דער קאָרט. סע גוט וואָס דער דאָקטער איז אַ פיינער מאַן און האָט מיר

איבערדערציילט יעדעם וואָרט, וואָס די כוליערע האָט אַף מיר אָנגערעדט!

אַריינגעקניפּט ווידער אַמאָל דעם „לויזער", די „כוליערע" אין געשפּרעך, גליטשט זיך שוין זיין צינגעלע גאָר־גאָר גלאַטיק און ער גייט איבער מיטן פּרעסער אַף „דו", טענהנדיק דערביי אַ צעקאָכטער:

— ס'טו געזען אַזוינס? אַ נאַר, אַ נאַר און שאָקלט זיך! ער גיט אַ גלעט דעם ביזנעס־איידזשענט און פּירט אַזוי שטילינקערהייט אונז, די יאָלדן, אין באָד. כ'ל דיר זאָגן דעם אמת, היימי — באַם „כ'ל דיר זאָגן דעם אמת", מאַכט ער צו אַף אַ רגע די אויגן, פאַרקנייטשט דאָס פּנים און דאָס גערגעלע זיינס פאַרכלינעט זיך אַזש:

— כ'ל דיר זאָגן דעם אמת, היימי, כ'האָב שוין לאַנג געטראַכט, אַז דו וואָלסט געווען דער בעסטער טשערמאַן אין שאַפּ. האָב איך אָבער מורא, די לייטע זאָלן ניט זיין דאַנגעגן. דו ווייסטאָך, אָפּערייטאָרס האָבן פּיינט, אַז אַ פּרעסער מישט זיך אין זייערע ביזנעס. זיי ווייסן ניט, די פערד, אַז אַ פּרעסער קען אַמאָל זיין אַ בעסערער טשערמאַן פון אַן אָפּערייטאָר!

ווען ער קען, דער „טשיינימאַן", וואָלט ער איצט זיך אַליין אויסגעקושט יעדעם ביינדעלע — אַזוי קונציק „נעמען" דעם פּרעסער האָט ער זיך גאָרניט געריכט:

— נאָר גיי רעד מיט די פערד. איינמאָל ניין! מ'וויל ניט אַ פּרעסער פאַר אַ טשערמאַן! כ'ל דיר זאָגן דעם אמת: גראָס, פאַרשטייצעך, קען שוין ניט בלייבן מער טשערמאַן נאָך אַזאַ חתונה, און פון די אָפּערייטאָרס זע איך ניט ווער ס'איז גוט פאַר אַ טשערמאַן. סיידן די „נבלה" אָדער דער „מאָלדאַוואַן", צי אפשר גאָר דער פאַרדאָסטער „הערינגמען"?!

אָפּגעזאָגט דאָס, גיט ער אַ שטעק אַריין ביידע הענט אין די קעשענעס פון מאַנטל און ווערט אַנטשווינגן. נאָך זיין פאַרשטאַנד דאַרף דער פּרעסער ניט זיין קיין יאָלד און אים זאָגן, אַז פאַרקערט, ער האַלט, אַז צווישן די אָפּערייטאָרס איז גראָד יאָ דאָ אַ פּאַסיקער מאַן, וואָס קען זיין טשערמאַן — און דער מאַן איז טאַקע ער, דער „טשיינימאַן" אַליין...

דער פּרעסער האָט אָבער צייט. ער באַטראַכט גאָר איצט גאָטס וואונדער און צו אַלע צרות איז ער נאָך מיטאַמאָל געוואָרן פילאָזאָפיש געשטימט:

— ביסט אַ מבין, וואָס ס'טוט זיך דאָ? דאַכט זיך, ניטאָ קיין ארבעט אין שטאָט, און אַזויפיל מענטשן יאָגן זיך פון די שעפּער!

און פאַררייסנדיק דעם קאָפּ צום הימל:

— אמעריקע גנב! ס'אַזוי ליכטיק אין סטריט, אַז מ'קען גאָרניט זען צי ס'איז אויסגעשטערנט, צי סע כמאַרנע.

דער „טשיינימאַן" עקט זיך שיר ניט. ס'דאַכט זיך אים אויס, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות אין פּרעסער, אַז דער פּרעסער איז געבליבן די זעלבע „געשטופּלטע מאַנקי" ווי געווען...

ס'האַלט אָבער לאַנג ניט אָן דעם פּרעסערס פילאָזאָפירן. ער גיט אַ טיפּזיניקן שמאָרע מיט דער נאָז, קלערט אַרום די זאַך אַרום און אַרום און ענטפערט דעם „טשיינימאַן" מיט אַ פּאָר געציילטע ווערטער אויף יענעמס ניין מאַם רייד:

— ווי קען מען דיך מאַכן פאַר אַ טשערמאַן, אַז דו קומסט ניט אַריין שבת אין שאַפּ?

פון אָט דער פראַגע דערפילט דער „טשיינימאַן", אַז אָט באַלד פאַרלירט ער ביידע ווערטן. פונדעסטוועגן פאַרלירט ער זיך ניט, ער כאַפּט אַרויס ביידע הענט פון די קעשענעס און טענהט מיט צעשפּרייטע פינגער:

— ס'אַ משל, מ'רעדט דען פון מיר? מ'רעדט סתם פון אָפּערייטאָרס. ווען מ'מאַכט מיך פאַר טשערמאַן, ווייסטו וואָס איך וואָלט געטאָן?

— שבת מיינסטו?

— יאָ, שבת.

— וואָס?

— כ'וואָלט מיר אויסגעקליבן אַ גוטן־ברודער אין שאַפּ, לאָמיך זאָגן, דיך, און אים געהייסן אַלע שבת זיין טשערמאַן אויף מיין אָרט. האָסט אַ דאגה, ער וואָלט זיך אָפּגענאַרט אין מיר, דער גוטער־ברודער, הא?

אויב אַזוי האָט שוין דער פּרעסער ניט וואָס זיך צו קריגן מיט אים — דער „דיל" איז שוין פאַרטיק...

ער לאָזט אַראָפּ, דער פּרעסער, אַן אַקסל וואָס איז צום „טשיינימאַנס" זייט, בויגט צו דעם קאָפּ צו אים, ווי ער וואָלט געווען אַ טויבער און קען ניט הערן וואָס דער „טשיינימאַן" רעדט צו אים פון אַזוי נידעריק... רעדן רעדט אָבער דער פּרעסער:

— אַ שטייגער מאָרגן, אָשר, וואָלסטו געקענט אַרויפקומען נאָכן דאַווענען אין שאַפּ?

צי ער וואָלט געקענט מאָרגן אַרויפקומען אין שאַפּ? ! אַ מענטש שטעלט דאָס אַ פראַגע! אודאי וועט ער קענען. ער וועט אַוועקלייגן די אַרבעט אין „טיילער־סטאָרקע" אויף אַ פּאָר שעה און קומען אין שאַפּ. ס'פאַרדריסט אים

נאָר, וואָס דער ממזר, דער פּרעסער, גיט אַ קוועטש דאָס „דאַווענען", ווי ער וואָלט אים געלאָזט וויסן, אַז מ'ווייסט, מ'ווייסט וואו ער דאַוונט שבת... ער פאַרגיט אים אָבער איצט. ער ענטפערט ניט מיטאַמאָל און פאַרקלערט זיך כלומרשט, צי וועט ער טאַקע קענען מאָרגן אַרויפקומען אין שאַפּ, צי ניט.

צו לאַנג אָבער קלערט ער ניט:

— כ'וויי, כ'אָלט יאָ געקענט. סי' דען?

— כ'האָב אָנגעשמעקט באַם אַלטן, אַז מאָרגן וועט זיין דער דעלעגאַט און מיר'ן האָבן אַ מיטינג אין שאַפּ. שבת „מיט" מען ניט אין אָפּיס.

דער „טשיינימאַן" גיט אַ גיכן קוק אַפן פּרעסערס געשטופּלטער נאָז און איז אים אַזש מקנא, וואָס ער האָט אַזאַ נאָז מיט קיין־עין־הרע אַזויפיל לעבעלעך, וואָס קענען גאָר גרינג אָנשמעקן וואָס ס'טוט זיך באַם באַלעבאָס. מיט אַזאַ נאָז, טראַכט ער, קען מען שוין ניט פאַרפאַלן ווערן: „ס'איז דען אַ נאָז? ס'איז דאָך אַ רעגעלע גאָלד־מאַין!"

מיט אַ שמאָרע פּונעם „גאָלד־מאַין" פאַרענדיקט דער פּרעסער דעם „דיל" און שטעלט זיך אָפּ באַם אַריינגאַנג פון סאָבוויי:

— אָרייט, אָשר, אָט דאָ גיי איך אַראָפּ. פאַרגעס ניט מאָרגן אַרום עלף־צוועלף אַזייגער אַרויפקומען — וועסט שוין באַ אונז שטעלן דעם אמתן מאַהאָריטש!

צי ער וועט שטעלן מאַהאָריטש, דער „טשיינימאַן"?! ער וועט געבן דאָס אמתע גוטע ביסל ווישניאַק! אַ־אַ, זאָל אים נאָר גאָט העלפן!...

## IV

אַף אַ צווייטער גאַס גייען איצט אַנדערע דריי אַרבעטער פון אָט דעם שאַפּ:

דער „מאָלדאַוואַן".

סערקע די פינישערן.

און די „נבלה".

דער „מאָלדאַוואַן", ווי גאָרניט זיין שטייגער, גייט אַ מסוכן פאַרטראַכטער. לעבן אים — סערקע די פינישערן. דער „מאָלדאַוואַן" מיט סערקען האַלטן זיך געאָרעמט און זייערע געאָרעמטע הענט זעען אויס ווי צוויי געשלאָסענע רינגען פון אַ קייט. הינטער זיי, ווי ס'וואָלטן פונעם הימל שטיינער געפאַלן, שלעפּט זיך נאָך, אַן איינגעהויקערטער, די „נבלה".

עלעקטרישע לעמפּלעך שפּרינגען אַרום אַף די שילדן, יאָגן זיך נאָך איינס נאָכן אַנדערן, צינדן זיך אָן און לעשן זיך אויס, צינדן זיך אָן, לעשן זיך אויס, צינדן זיך ווידער אָן — אַ מעשה אָן אָן עק...

אפּנים, אַ שפּיל אַזאַ באַ זיי. און אפשר פון גרויס נחת, וואָס זיי האָבן קוים דערוואַרט דעם אָוונט, רייצן זיי זיך איצט מיט דער נאַכט, וואָס לויערט אַף דער שטאָט און וויל זי נאָר פינצטער מאַכן.

אַרום און אַרום רעווען אָטאָמאָבילן און שלינגען איין אין זייער טומל מענטשלעכן געפּילדער.

די „נבלה", וואָס האַלט זיך פאַר אַן „העברייאיש-אידישן דיכטער", קוקט איצט ניט אַף אָט דעם גאַנצן אַרום. ס'גייט אים ניט אָן, וואָס אין דרויסן טוט זיך. אַ מענטש אַ שעמעוודיקער, וואָס האָט תמיד מורא, אַז יענער וועט אים ניט פאַרשטיין און אים נאָך אָפּזידלען, ווייסט ער ניט ווי אָנצוהויבן רעדן מיטן פּאָרל. ער וויל זיך דערנענטערן צו זיי, זיי זאָגן, אַז זיי זיינען זייער אַ פיין פּאָרל (אַזאַ יאָר אַף אים, וואָס פאַר אַ ליטיש פּאָרפאָלק זיי וועלן זיין!), אַז ער וויל איצט באַדאַנקען סעמען, וויל ווערן חבר מיט זייביידן.

און נאָך עפּעס:

ער וויל זיי דערציילן, אַז ער איז אַ מענטש אַן עלנטער, אַ שטילער, אַ גוטער — ניט קיין פאַרביסענער, ווי זיי מיינען אודאי.

און אפילו:

ער האָט ליב אַ מיידל — און זי אים ניט. זיי קענען זי, די מיידל. אוי, איז דאָס אַ טייער קינד!

ער ווייסט אָבער ניט ווי אַרום אָנהויבן רעדן צו זיי.

ערשט ווען זיי האַלטן שוין באַם אַריינגיין אין סאָבוויי, דרייט זיך סערקע אויס צו דער „נבלה" און פרעגט אים מיט אַ מיד קול:

— איר וואוינט אויך אין בראָנזוויל, מיסטער צוקער?

דער „נבלה" שטעלן זיך אַזש טרערן אין די אויגן פון גרויס פרייד. ס'ערשטע מאָל הערט ער, ווי אַן אַרבעטער פון שאַפּ באַליידיקט אים ניט מיט זיין צונאָמען און רופט אים באַם אמתן נאָמען. ער קען אַזש ניט ענטפערן. זיין צונג קלעפּט זיך צו צום גומען און פונעם האַרצן רייסט זיך באַ אים אַרויס אַ ווידער-קול:

— האַ-האַ!

פון גרויס פרייד און דאַנקבאַרקייט, וואָס מ'האָט מיט אים אָנגעהויבן

רעדן, לויפט ער דער ערשטער אַראָפּ די טרעפּ, צעבייט אַ היפּשע זילבערנע מטבע און באַצאָלט באַן־געלט פאַר אַלע דריי.

דעם „מאָלדאַוואַן" צענעמט דאָס. זיינע אויגן, וואָס זיינען אַלעמאָל פריילעך און האָבן זיך אָבער געהאַט פאַרטראַכט, זיך אָנגעכמורעט, ווערן איצט ווידעראַמאָל לעבעדיק. זיי מעסטן אָפּ די „נבלה" פון קאָפּ ביז די פיס און קענען זיך גאָרניט אָפּוואונדערן:

„קוקט נאָר, קוקט! די 'נבלה' — אַ רעגעלער ספּאָרט! גיי ווייס."

אין וואַגאָן געלינגט דער „נבלה" נאָכאַמאָל באַווייזן דעם „מאָלדאַוואַן" וואָס ער קען: ער שפּאַרט זיך דורך מיט די עלנבויגנס צווישן די מענטשן און פאַרכאַפּט פאַר סערקען אַן אָרט צום זיצן.

גאָטס וואונדער! ער איז „אַ באָי פון די באָיעס"; זיין היטעלע גיט אַ מאָדנעם טאַנץ אויף זיינע זשאַווערדיקע האָר און די ליפּן טראָגן אונטער, ווי כיבוד צום טיש, דריי געציילטע ווערטער:

— „לײדיס פּוירסט, סידאַן!"

שוין, אַ פאַרפאַלענער איז דער „מאָלדאַוואַן". די „נבלה" האָט אים באַזיגט. „נאָ מאָר" „נבלה", ער ווערט מיט אים אַ גוטער־ברודער.

איצט שוין, ווען זיי האַלטן זיך ביידע אָן די ווייסע אייזערנע הענטלעך, וואָס הענגען אַראָפּ פון די שטאַנגען, און זיי, ביידע מאַנצבילן, שאָקלען זיך היין און צוריק איבער דער זיצנדיקער סערקען, באַטראַכט דער „מאָלדאַוואַן" נאָכאַמאָל די „נבלה" און זיינע אויגן ווערן אַ ביסעלע ערנסט:

„אַ דערשלאָגענער, נעבעך."

אין דער זעלבער צייט גיבן זיך זיינע ליפּן אַ הויב און אַ לאָז אַראָפּ אַ פּאָר מאָל — ניט אויף לאַנג:

— וואו גייסטו אַרונטער, אייבי?

וואו אייבי גייט אַרונטער? אָט־אָ דאָ־אָ, פון די געדאַנקען גייט ער אַרונטער פאַר גרויס פרייד — און ער פרעגט אים נאָך?!

— אויף סאָטער עוועניו.

— הער נאָר אַ מעשה, אויף סאָטער עוועניו גייט ער אַרונטער?! מיר גייען אויך דאָרט אַרונטער. סערקע וואוינט אויף הינסדייל סטריט און איך אויף אַלאַבאַמאַ עוועניו.

אַ מזיק, אָט די „נבלה"! ער האָט שכל געהאַט זיך אַריינקלייבן אין אַלאַבאַמאַ עוועניו און וואוינען אינגאַנצן צוויי קוואַרטאַלן ווייטער פונעם „מאָלדאַוואַן"...

איצט, ווען מ׳איז שוין אַזעלכע נאָענטע שכנים און מ׳ווייסט שוין אפילו וויפיל יעדער איינער פון זיי צאָלט דירה־געלט און צי די הייזער זיינען מיט אָדער אָן „אימפּרואוומענטס", קען מען שוין רעדן וועגן שאַפּ. סערקע נעמט אַוועק דעם קאָפּ אירן, וואָס איז אַף אַ רגילע אַנדרימלט גע־וואָרן און זיך אַריינגערוקט צווישן די פּאָלעס פונעם „מאָלדאַוואַנס" צע־קנעפּלטן מאַנטל, און גיט אַ פרעג די „נבלה":

— נו, ווי געפעלט אייך עפּעס אָט די חתונקע, וואָס האָט זיך היינט אָפּגעשפּילט אין שאַפּ?

ווי זאָל זי אים געפעלן, אָט די „חתונקע", אַז ער ווייסט ניט וואָס זי מיינט? צי מיינט זי דעם סטרייק פון אינדערפרי, צי מיינט זי גאָר דאָס, וואָס דער „מאָלדאַוואַן" האָט דעם „טשיינימאַן" שיר ניט אָנגעבראָכן די ביינער?

דער „מאָלדאַוואַן" מאַכט אַ זויערע מינע און קוקט שוין ניט אַף דער „נבלה" — ער וויל אים רופן „נבלה", נאָר פאַרכאַפּט זיך באַלד:

— גיי, מיט וועמען רעדסטו? דער מאַן קושט זיך אין די פּיסקלעך מיטן באַלעבאָס — און זי פרעגט אים נאָך. זיי באַלאַנגען דאָך ביידע צו די „ציניסטן"!

די „נבלה" דערפילט זיך געקרענקט פונעם „מאָלדאַוואַנס" רייד. ער האַלט, אַז דער באַלעבאָס, מיסטער רובין, איז אַ פיינער מאַן, אַן אינטעלי־גענטער מענטש — אַ מאַן מיט „העכערע אידעאַלן". ער וויל אָבער דעם באַלעבאָס ניט פאַרטיידיקן איצט. פאַרקערט, ער וויל ווייזן דעם „מאָלדאַ־וואַן", אַז ער איז אויך אַזאַ „שייגעץ" ווי ער און קען אויך שעלטן דעם באַלעבאָס און רעדן גראָבע רייד:

— ווער קושט זיך מיטן באַלעבאָס אין די פּיסקלעך, ווער? אַז סך־הכל האָב איך אים אין דר׳ערד! איר מיינט אַן אמת ער קען מיך אָפּקויפן מיט די פּאָר סענט, וואָס ער גיט מיר אַמאָל פאַר אונזער לאַנד? אָרייט, ער איז אַ מענטש וואָס גלויבט אין מיין אידעאַל — אָבער ווייטער . . .

סערקע וויל זיי איצט ניט זען צעקריגט, זי וויל אַרויספירן דעם געשפּרעך צוריק אַהין, פון וואַנען זי האָט אָנגעהויבן. זי צוט דערפאַר דעם „מאָל־דאַוואַן" פאַרן ארבל, ער זאָל אַנטשווייגן ווערן, און רעדט צו דער „נבלה":

— כ׳על אייך זאָגן דעם אמת: כ׳פיל גאָר ווי מער ניט אַרויספקומען אהער אין שאַפּ. די טייערע פרייזעס מיט די גוטע קאָנדישאָנס וואָס מ׳קריגט אין שאַפּ, קען מען קריגן אין עני אַנדער שאַפּ און ניט האָבן צו טאָן מיטן

פֿאַרשיוון „טשײַנימאַן" און דערצו נאָך מורא האָבן, טאָמער וועט מען דיך צעזעצן דעם קאָפּ.

דערהערט „פֿאַרשיווע „טשײַנימאַן", ווערט דער „מאָלדאַוואַן" שוין אין דער אמתן אַ צעקאָכטער:

— מ'עט באַ מיר פֿריער דעם „טשײַנימאַן" אַרויסטראָגן אַף צוויי ברעטער פֿונעם שאַפּ — דערבײַ ווײַזט ער צוויי פֿינגער, די „נבלה" זאָל חלילה ניט אַ טעות האָבן אין דער צאָל ברעטער — מ'עט באַ מיר פֿריער אַרויס־טראָגן דעם „טשײַנימאַן" אַף אַ סטרעטשער, אַף צוויי ברעטער, איידער איך וועל אַראָפּגיין פֿון דאָרטן!

— שאַ, שאַ, משוגענער, שריי ניט אַזוי! — טאָרקעט אים סערקע און וויל בעסער אַליין רעדן...

דער „מאָלדאַוואַן" לאָזט זיך אָבער ניט. איין האַנט איז אים קאַרג צו טענהן, כאַפּט ער אַרונטער די האַנט פֿונעם אײַזערנעם הענטל, גיט זיך אַ שטאַרקן טרייסל אַף צוריק און כאַפּט זיך ווידעראַמאָל אָן מיט דער זעלבער האַנט שוין אָן דער „נבלהס" אַקסל און אָטעמט נאָענט אים אין פּנים אַרײַן:

— ווייסט וואָס איכ'ל דיר זאָגן, אײַבי? ס'טוט מיר האַרציק באַנג וואָס איך בין צוריק אַרויפֿגעגאַנגען הײַנט אינדערפֿרי אין שאַפּ.

און אין אַ ווײַלע אַרום:

— מענגסט זיך זײַן „אַגענסט" די לינקע, „אַגענסט" זײערע פּאַליסיס, אָבער וואָס־וואָס — „סטרעיטע באָיעס" זײַנען זיי. באַ זיי גייט ניט קיין גרעפּט! אַ יוניע, זאָגן זיי, דאַרף זײַן אַ יוניע פֿאַר אַרבעטורער און ניט פֿאַר פּאָליטישנס!

נאָך אָט דער דרשה כאַפּט ער אַרויס זײַן נאָזטיכל און ווישט זיך דעם שטערן, וואָס איז אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט שווייס. ער סאָפּעט שווער און איז אַ ביסל אויסגעמאַטערט.

אַ ווײַלע איז שטיל. קיינער פֿון די דריי רעדט ניט. די באַן גליטשט זיך אַרויס פֿון אונטער דער ערד און לאָזט זיך אַוועק מיט אַן איינגע־האַלטענעם לויף איבער דער לאַנגער בריק, וואָס הענגט אַף שטאָלענע שטריק איבער אַ ברייטן וואַסער. סערקע דרייט אויס דעם קאָפּ צום וואַגאָן־פֿענצטער און קוקט צו די שיפֿלעך מיט די גרינע און רויטע סיגנאַל־לעמפּלעך, וואָס שוועבן אונטן אַפֿן וואַסער ווי אין אַ ווײַטן, שוין לאַנג פֿאַרגעסענעם חלום.

דער „מאָלדאַוואַן" מיט דער „נבלה" קוקן אויך אהין. זיי טראַכטן יעדער איינער פאַר זיך, נאָר די גערדאַנקען זיינען איינע:

„אַ וועלט מיט וועלטעלעך! דאַכט זיך, ערשט ניט לאַנג איז מען אַהער אין לאַנד געקומען — און ס'איז שוין אַזויפיל יאָרן. קוק נאָר, כ'בעט דיך, ווי די יאָרן רוקן זיך, טפו!"

— שוין, נאָכן וואַסער — גיט אַ זאָג די „נבלה", ניט געפינענדיק קיין אַנדערע ווערטער פאַרן געדאַנק, וואָס בויערט זיין מוח.

קיינער ענטפערט אים ניט.

אין אַ ווײַלע אַרום טוט דער „מאָלדאַוואַן" אַ טיפן זיפץ, וואָס איז אַ זעלטנהייט באַ אים:

— איר'ט מיר גלויבן? כ'בענק נאָך דזשאָון.

אַ צווייט זיפצעלע:

— ס'אַ פאַרשלעפטע קרענק, אַ פּלעזשור צו אַרבעטן מיט אים.

די „נבלה" גראָד בענקט ניט צו שטאַרק נאָך דזשאָון. ער האָט זיך זיין חשבון: דזשאָו האָט זיך „געזניוכעט" מיט ראָזען — איז די „נבלה" אַ פאַרפאַלענער. דזשאָו כאַפּט באַ אים אויס פון אונטער די הענט ראָזען, וואָס ווייסט ניט אַז די „נבלה" האָט זי נאָך פון פריער ליב... ווען ניט ראָזע, וואָלט ער אים גראָד געוועזן דער בעסטער פריינט. ניט קיין שלעכטער יונג, אָט דער דזשאָו. אָט אַ שטייגער נעכטן, ווען ס'איז אָנגעקומען דער נייער „סטאַיל", האָט דזשאָו אים „אויסגעפינט" כמעט די גאַנצע דרעס און אים געוויזן ווי „אַריינצוקריכן" אין איר. אַזוי אָבער האָט ער אים פיינט.

איצט, ווען דער „מאָלדאַוואַן" האָט דערמאָנט דזשאָון, כאַפּט אַרום דער „נבלה" אַ מסוכנע בענקשאַפט נאָך ראָזען. אַ רחמנות צו זיך אַליין הויבט אים אָן נאָגן, פאַרוואָס ער איז אַזאַ שעמעוודיקער און וואַגט אַפילו ניט פאָרלייענען דאָס ליד, וואָס ער האָט אָנגעשריבן פאַר איר, פאַר ראָזען... ער איז זיכער, ווען ער לייענט איר נאָר פאָר דאָס ליד — וואָלט זי אַ שפּיי געטאָן אַף דזשאָון און...

אַפילו טראַכטן וועגן זיין מיט ראָזען נאָענט שעמט ער זיך אויך.

נאָך אַ האַרץ־גריזשעניש האָט ער:

דאָס ליד וואָס ער האָט איר „געווידמעט", האָט ער געשריבן אין אַ מיאוס אָרט — אין אַ גאָר־גאָר פּאַסקודנע אָרט... ער עסט זיך ממש אויף אַ לעבעדיקער.

איין טרייסט האָט ער אָבער פאַר זיך:

„אַן אמתן שרייבער גייט ניט אָן דאָס אָרט, וואו ער געפינט זיך — ווען ס'פאַרגלוסט זיך אים שרייבן."

ווען ער האָט איצט ראָזען אָט דאָ אין וואַגאָן, פילט ער, וואָלט ער זיך ניט געשעמט פאַר איר. ער וואָלט זי אָנגענומען פאַר א האַנט, איר אַריינגעקוקט גלייך אין די אויגן און פאַרגעלייענט דאָס ליד אָט אַזוי־אָ:

„ביזט גיקהומען וויא דיא מהוטער רחל
שעפּפען וואַסער פונעם טיפען ברונען,
האָב איך דאַן דעם שטיין אַראָפּגיקייקילט
און גיקהושט דיך מיינע זיבען זוהנען."

נאָכדעם, ווען זיי גייען שוין אַרויס פון באַן, שלאָגט ער זיך לאַנג מיט דער דעה, צי זאָל ער פרעגן סערקען, וואו ראָזע וואוינט, צי ניט? סערקע, דענקט ער, ווייסט וואו זי וואוינט.

— סערקע, איר ווייסט ניט וואו ראָזע וואוינט?

— וואָס דאַרפט איר עפּעס ראָזען?

— כ'האָב געוואָלט וויסן, וואָס איז געוואָרן מיט דזשאָון.

ער מיינט זיי פאַרשטייען ניט, אַז ער מיינט ניט אַזוי דזשאָון ווי ראָזען. דער „מאָלדאַוואַן" איז אָבער צופרידן פון זיין פראַגע. ער וואָלט אויך געוואָלט וויסן, וואָס איז געוואָרן מיט דזשאָון. ער פילט, אַז אַ מיאוסע, זייער אַ מיאוסע, גאָר־גאָר אַ מיאוסע זאַך איז ער באַגאַנגען קעגן אָט דעם לעבעדיקן בחור, וואָס האָט געקענט ווערן זיין בעסטער גוטער־ברודער.

איצט איז ער צופרידן, וואָס די „נבלה" האָט געשטעלט אָט די פראַגע. אין אָט דער רגע האָט ער שוין אַ פאַרטיקן פּלאַן בא זיך:

ער וועט נעמען סערקען און די „נבלה" און זיי וועלן אַלע דריי גיין צו ראָזען. זיי וועלן זי פרעגן, ראָזען, וואָס איז געוואָרן מיט דזשאָון און איר שווערן, אַז זאָל זי נאָר קומען מיט דזשאָון צוריק אין שאַפּ, וועט ער, סעם, ביזן בלוט גיין פאַר זיי, מ'זאָל זיי צוריק אַרויפנעמען אין שאַפּ. ער וועט דעם „טשיינימאַן" דעם קאָפּ צענעמען, אויב ער וועט נאָר אַ פּיפּס טאָן. אָ־אָ! זאָלן זיי נאָר קומען צוריק!

— טאַקע, מ'וואָלט באַדאַרפט צוגיין צו ראָזען זען וואָס זי מאַכט.

און נאָכדעם:

— אייבי, דו ווילסט זונטיק זיך מיט אונז „מיטן", 'עלן מיר אַלע דריי גיין צו ראָזען.

# קאפיטל פיר

## I

פארנאכט, ווען די זון פארפלאָנטערט זיך צווישן קוימענס, קלויסטער־שפיצן און לאָזט הינטער זיך רויטע פלעקן אף גרוילעכע במארעס, ווי בלוט אף קויטיקן שניי, דעמאָלט קומט ערשט ראָזע אהיים. זי שאַרט זיך אריין א מידע, א צעבראָכענע אין שטוב, און ווי א מענטש וואָס קומט ערשט פון א בית־עולם, וואו ער האָט באַגראָבן זיין נאָענטסטן, וואַרפט זי זיך אריין אין בעט און צעוויינט זיך.

כמעט דעם גאַנצן טאָג באַלד נאָכן געשלעג, באַלד נאָך דעם ווען מ׳האָט אוועקגענומען דזשאָון א צעשלאָגענעם און אים אוועקגעפירט אין פּאָליציי־וואָגן, איז זי ארומגעלאָפן א מרה־שחורהדיקע, א צעטראָגענע איבער די גאַסן. עטלעכע מאָל דורכן טאָג האָט זי געפּרואווט אריינגיין אין סאָבוויי און פאָרן אהיים, האָט זיך איר אָבער אַלעמאָל געדוכט, אז עמיצער רופט זי, אז מ׳שרייט איר נאָך פון דער ווייטנס:

„ראָ־אָ־זע, ראָ־אָ־זע! אָט גייט דזשאָו!”

כמעט יעדן מאָל אזוי.

א פארשעמטע פון איר אייגענעם צעטראָגן זיין און א באַליידיקטע פון איר אייגענעם אָפּנאַרן זיך, טראָגט זי זיך גיך אָפּ פון דער סאָבוויי. זי זעצט זיך אוועק אינעם פּאַרקל, וואָס אין צענטער פון שטאָט, און ווערט פאַר־גליווערט אף דער באַנק. זי קוקט דעמאָלט מיט פארטרערטע אויגן אפן גרויסן זייגער, וואָס הענגט אף א שמאָלן מויער, וואָס האָט א סך, א סך קליינע פענצטערלעך. אזוי זיצט זי דאָרט א היפּשע צייט, האַלט אין איין קוקן אפן זייגער און באַרעכענען וויפיל מאָל דער זייגער האָט שוין אויסגעקלונגען, אז א פערטל שעה צייט איז אוועק — אוועק און פארפאַלן.

און אז זי פארפלאָנטערט זיך אין די פערטל שעהען, וואָס דער זייגער קלינגט אויס, הייבט זי זיך האַסטיק אויף פון איר אָרט און לאָזט זיך לויפן ווידעראמאָל צו דער סאָבוויי. אירע פיס אָבער, ווי זיי וואָלטן זיך מיט איר צעקריגט און באַשלאָסן בא זיך, אז מער פאָלגן זיי זי ניט, פארפירן

זי גאָר אַראָפּ, צום נידעריקן טייל שטאָט און שטעלן זיך אָפּ פּאַרעקשנט פּונקט אַנטקעגן אַ פּאָליציי־צירקל.

ס׳דוכט זיך איר דעמאָלט:

דזשאָו וועט באַלד פון דאָרט אַרויסקומען. ער וועט אַ שפּיי טאָן פון צווישן די ציין און טרעפן פּונקט אין אויג דעם ליימענעם ריטער, וואָס שטייט אַפן גאַניק און האַלט אַ האַק אין זיינע אָפּגעקאָלופּעטע הענט. ער וועט זי באַלד דערזען און זיינע ברוינלעכע אויגן וועלן זיך צעשמייכלען:

— זע, ראָזע? !

— אַ בעלנות פון אַ מיידל!

זי קען זיך אָבער ניט דערוואַרטן...

אירע פיס, ווי זיי וואָלטן זיך מיטאַמאָל דערמאָנט, אַז זיי האָבן ערגעץ פאַרגעסן זייער אַ נויטיקע זאַך, גיבן זיך אַ יאָג צו דער סאָבוויי צו. פון דאָרט, רעכענען זיי, וועלן זיי אַרויפפירן ראָזען אַפן צווייטן שטאָק אין דער יוניאָן, זי אַריינפירן אין צימער, וואו ס׳זיצט דער שטענדיק פאַרטראַכטער בחור און זי, ראָזע, וועט אים פרעגן אָט אַזוי:

— אַ שטייגער וואָס דענקט ער, דער חבר, קומט איר איצט אויס צו טאָן? וואָס זשע, ער ווייסט גאָרניט, אַז אָן דזשאָון איז זי ווי אָן הענט און אָן פיס — ניין, ווי אָן אַ קאָפּ? !

און ער, דער חבר, וועט געבן אַ קליינינקן, גאָר־גאָר פּיצעלע שמייכעלע מיט די ליפּן און איר ענטפערן:

— ס׳עט זיך אויספּרעסן, חברטע.

און שוין צוריק אָן ערנסטער:

— איר מעגט זיך שעמען, חברטע! ס׳מיינט איר, דזשאָו סילווער האָט ליב, אַז מ׳ציטערט איבער אים ווי איבער אַ קינד? ! ס׳מיינט איר? דזשאָו שרעקט זיך איבער, ווי איר, פאַר אַ מויז, און שפּרינגט אַרויף אַפן טיש? !

נאָך אָט די רייד וועט זי זיך פאַרשעמען און רויט ווערן. זי וועט זיך פאַרענטפערן און האַלטן אין איין פאַרשאַרן דאָס בלאָנדע קוטשערל, וואָס גנבעט זיך באַ איר אַרוים פון אונטערן היטעלע און קיצלט איר דעם שטערן:

„אַז ער האָט זי גאָר אינגאַנצן שלעכט פאַרשטאַנען, דער חבר, פונעם אָנהויב ביזן סוף. אַפּקאָז וויל זי וויסן וואָס ס׳וועט זיין מיט דזשאָון — נאָר זי האָט נאָר געוואָלט, ער זאָל איר קלאָר מאַכן, וואָס דאַרף זי טאָן ווייטער, מיטן שאַפּ הייסט עס.”

די פיס אירע האַלטן אָבער ניט וואָרט. אַז זי פאָרט צו צו דער סטאַנציע,

וואו די יוניאָן געפינט זיך, ליגט זיך איין פּוס אַריבער איבערן צווייטן און זיי ווערן פון גרוים מידקייט אַנדרימלט...

## II

איצט ליגט זי באַ זיך אין צימער, אין בעט, איינגענורעט דעם קאָפּ אין קישן און בליפּעט מיט אַ לאַנגן־אויסגעצויגענעם געוויין. די מאַמע אירע שטייט דעמאָלט אין קיך איבערן „וואַש־טאָפּ" און בענטשט ליכט.

אַ סך ליכט בענטשט די אַלטע. אפשר אַ צענדליק פּלעמלעך טשאַדען פון די דינע ליכטלעך, וואָס זיינען אַריינגעשטעקט אין צוויי מעשענע לייכטער און די איבעריקע אין מיט־חלב־פאַרשמאָלצענע סאַרדין־שאַכטלעך. זי האָט אַמאָל, אין אירע יונגע יאָרן, געהאַלטן אין איין קינדלען און באַלד נאָכן קימפּעט באַגראָבן די עופהלעך; האָט זי דעמאָלט אַ נדר געטאָן יעדן מאָל ווען זי האָט פאַרשווענגערט, אַז זי וועט דעם גאָט אירן שענקען אַן איבעריק ליכטל און ער זאָל איר שענקען דאָס קינד וואָס דאַרף ערשט געבוירן ווערן...

נאָר אַפּנים, גאָט האָט פיינט גראָשנדיקע מתנות, וואָס אָרעמעלייט שענקען אים. וואָרים, כאָטש זי האָט אים נאָכאַוועט אַלע מאָל אַ ליכטל און געבענטשט שוין אַ היפּש ביסל ליכטלעך, וואָס זי האָט אַריינגעשטעקט אין די צוויי דרשה־געשאַנק לייכטער און אין ליימענע קנײדלעך, האָט גאָט פונ־דעסטוועגן זיך ניט וויסנדיק געמאַכט, אויפגעגעסן די חלבנע ליכטלעך און נאָכן קימפּעט ווידעראַמאָל צוגענומען איר קינד...

סוף כל סוף, באַם צענטן ליכטל, האָט ער זיך דערבאַרעמט אַף איר און מער שוין ניט געטשעפּעט איר קינד. אַ שפּיצל האָט ער איר פונדעסטוועגן אָפּגעטאָן: געוואָלט האָט זי גאָר האָבן אַ אינגל און ער האָט איר אונטער־גערוקט אַ מיידל. ווי איינער זאָגט:

— וואָס דערוואַרטסטו פאַר אַ גראָשן? פאַר אַ גראָשן איז דאָס אויך גענוג.

שטייט זי, די אַלטע, אַציגד איבער די ברענענדיקע ליכטלעך, שעפּטשעט מיט די ליפּן גיך־גיך און וויינט. איר גאַנצער אויסזען איז ווי פון אַ מכשפה אין אַ קינדער־מעשהלע, וואָס שרעקט פּיצלעך קינדער. איר שאָטן הוידעט זיך אַף דער וואַנט און ברעכט איבער איר קאָפּ ווען ער קומט צו צו דער סטעליע. די שאָטנדלעך פון די רויכעלעך, וואָס הויבן זיך פון די ליכט, פלעכטן זיך צונויף אַף דער וואַנט און ציען זיך צו דער סטעליע צו.

די אַלטע הערט, ווי איר טאָכטער וויינט, נאָר זי קען ניט מפסיק זיין. זי פירט דעמאָלט מיט גאָט איר אייגענעם חשבון, זי רעכנט זיך אָפּ מיט אים פאַר דער גאַנצער וואָך. זי רעכנט אים אויס יעדע עבירהלע וואָס זי איז באַגאַנגען און מאָנט אַ חוב וואָס, ווי איר ווייזט זיך אויס, גאָט לייקנט און וויל איר ניט סילוקן.

אירע חשבונות מיט גאָט קען מען אַזוי אויסטייטשן:

„קענסט דאָך מיך שוין, גאָטעניו, ניט פון נעכטן, ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ מענטש, וואָס האָט פיינט יענעמס און וויל אויך ניט, אַז מיינס זאָל איבערגיין — טאָ זיי זשע, גאָטעניו הארציקער, אַ מענטש און שטעק אָפּ אַלץ וואָס ס׳קומט פון דיר. לאָז זיך ניט צו לאַנג בעטן.״

אַז זי ווערט פאַרטיק מיטן ליכט־בענטשן, גיט זי אַ טיפן זיפץ, ווישט אויס מיטן פאַרטעך די פאַרוויינטע, ווי טראַכאָמע, רויטע אויגן און לאָזט זיך גיין צו דער טאָכטער. אפן וועג דערוויייל פאַרברעכט זי שוין די הענט און הייבט אָן וויינען פון דאָס ניי. דאָס מאָל איז קאַפּיטל געוויין — אַ געוויין אַזא, וואָס קען אָנהאַלטן טעג, אַמאָל אַפילו אַ גאַנצע וואָך.

אין צימער בא ראָזען איז פינצטער, זעט ניט די אַלטע ווי די טאָכטער אירע ליגט אין דער ברייט פון בעט. נאָר אַז זי פאַרטשעפּעט זיך אָן אירע פיס, בויגט זי זיך אָן איבער איר, שאַרט אויבנאַויפיק מיט אירע וואַרעמע הענט איבער יענערס קערפּער ביז זי פאַרבלאָנדזשעט מיט זיי צום קאָפּ; אירע דאַרע פינגער קריכן אַריין אין די האָר פון ראָזעס קאָפּ און הייבן אָן קראַצן דעם שאַרבן ווי אַמאָל, ווען ראָזע איז נאָך אַ קינד געווען און די מוטער פלעגט זי ווערן איינשלעפערן.

אַ פאַרלוירענע פילט זיך די אַלטע ווען די טאָכטער אירע וויינט. זי האָט מורא, אַז גאָט וויל דאָס צענטע ליכטל איר אויסלעשן און זי לאָזן „איימעק״ אַליין. זי בויגט זיך אָן נאָך טיפער איבער דער טאָכטער, טאַפּט ווי אַ בלינדע איר פנים און אַז זי טוליעט צו אירע ציטערדיקע פינגער צו יענערס פאַרוויינטע אויגן, פאַלט זי צו צו איר און קושט לאַנג־לאַנג אירע נאַסע־פאַרטערטע באַקן.

דעמאָלט ווערט האַסטיקער און אָפּטער בא ראָזען ס׳געוויין. זי כאַפּט אַרום די מוטער, גראָבט אַריין איר קאָפּ צו יענער אין פאַדעליק און וויינט שוין הויך, אויף אַ קול.

די אַלטע דערשרעקט זיך, וויל זי באַרואיקן און קען בשום אופן ניט.

זי הויבט אויף דער טאָכטערס קאָפּ צו איר אַלטער איינגעפאַלענער ברוסט, דריקט זי צו שטאַרק־שטאַרק צו זיך און פרעגט זי:

„זאָל זי איר אפשר צוליגן אַ קאָמפּרעס פון עסיק צום קאָפּ? צי שאַ, אפשר זאָל זי איר גאָר איינגעבן עפּעס אַן אַספּיר־מיטל? ס'וועט איר זיכער באַלד העלפן — ווי מיט דער האַנט וועט עס פון איר אַוועקנעמען אַלע וויטיקן. זאָל איר אַזוי גאָט אַ רפואה צו אירע קאַליע אויגן צושיקן, ווי ס'וועט איר, ראָזען, תיכף העלפן . . .״

הערט אָבער ראָזע ניט דער מוטערס רייד. זי גלעטשט זיך אַרויס פון צווישן אירע דאַרע הענט, גראָבט אַריין טיפער דעם קאָפּ אין קישן און וויינט שוין ניט מער. פון צייט צו צייט גיט זיך נאָר אַ רייס אַרויס אַ פאַר־שטיקטער זיפץ און זי כליפּעט אונטער צוביסלעך, ווי אַ וויינענדיק זויג־קינד, וועמען מ'האָט דאָס פּיסקל פאַרשטאָפּט מיט דער מוטערס ברוסט.

מיד פון ראַמען און קאָכן אַ גאַנצן טאָג, ווערט די אַלטע אַנטשלאָפן, זיצנדיק לעבן ראָזען. דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָנעם ווענטל פון בעט, די פינגער פאַרפּלאָנטערט צווישן די בלאָנדע האָר פון דער טאָכטערס קאָפּ, כראָפּעט זי מיט דער נאָז און מיטן אָפענעם מויל, שניידנדיק די פינצטערניש פונעם צימער מיטן כמעט זעלביקן קלאַנג, ווי איר שטומפּיק מעסער, ווען זי בראָקט מיט דעם אַ בלעטל לאָקשן:

„צר־ר־ר־פּ־פּף!״

„צר־ר־ר־פּ־פּף!״

אין קיך צאַנקען שוין די לעצטע פּאָר פלעמלעך. צוויי שאָטנדלעך פונעם רויך פון די צאַנקענדיקע ליכטלעך קריכן אַרויף אַף דער אַנטקעגנדיקער וואַנט, ווילן זיך אַרויפכאַפּן אַף דער סטעליע, נאָר ווערן צעבראָכן אין מיטן וועג; נאָכדעם, באַווייזן זיי זיך נאָכאַמאָל, זיי ווילן זיך נאָך אַלץ אַרויפ־קאַראַבקען אַף דער סטעליע, און ווען זיי האַלטן שוין אָט־אָט ניט ווייט פון זייער ציל — ווערן זיי מיטאַמאָל אָפּגעהאַקט און אין קיך ווערט אינגאַנצן פינצטער.

מיטן געשטאַנק פון די נאָר וואָס אויסגעגאַנגענע ליכטלעך מישט זיך אוים אַ ריח פון פאַרברענטער קאַשע, וואָס זשאַרעט זיך אינעם אייזערנעם טעפּל אַפן קוילן־אויוון. אָט די ריחות, אינאיינעם מיטן טשאַד פון די קוילן אין אויוון, יאָגן זיך אין חדרל אַריין, וואו די מוטער מיט דער טאָכטער שלאָפן. זיי שלאָפן געשמאַק, די טאָכטער מיט דער מוטער. צוגעטוליעט איינס צום צווייטן פייפן זיי מיט די נעזער אַף באַזונדערע אָקטאַוועס. זיי חלומען

אוים יעדע איינע אַ באַזונדערן חלום פֿאַר זיך — חלומות וואָס קערן זיך גאָרניט אָן איינער מיטן צווייטן.

אַזוי שלאָפֿן זיי אָפּ אין אָנטאָן די גאַנצע נאַכט. ערשט העט שפּעטער, אַז אַ גרויקייט פֿאַרבט אוים די שויבן און ס'הויבט אָן שאַריען אַף טאָג, כאַפּט זיך ראָזע אויף. זי רייבט מיט די פֿויסטלעך די פֿאַרקיסנעטע אויגן און קוקט אַ דערשטוינטע אַפֿן קליינעם איינגעקאָרטשעטן גוף פֿון דער מוטער, וואָס ליגט לעבן איר. אין דער פֿאַרטאָגיקער פֿינצטערניש באַמערקט זי, ווי דער מוטערס קערפּער גיט אַלעמאָל אַ ציטער, בעת זי לאָזט אַרוים אַ קרעכץ דורך דער נאָז.

זי ליינט אַוועק פֿאַרזיכטיק דער אַלטערס קאָפּ אַפֿן קישן, טוט איר אוים די שיך און זאָקן און קריכט אַליין אַרונטער פֿון בעט.

ווי אַ געניטע באַלעבאָסטע, דערהערט די אַלטע דורכן שלאָף, אַז עפּעס פּליוסקעט זיך אין קיך — איר דוכט זיך דעמאָלט, אַז די יויך זידט און האַלט אין אויסלויפֿן. זי כאַפּט זיך אויף מיטאַמאָל פֿון שלאָף און נאָך אַלץ אַ פֿאַרשלאָפֿענע גיט זי זיך אַ יאָג אַריין אין קיך און בלייבט אַ דער־שראָקענע שטיין הינטער דער טאָכטער.

איצט ערשט, אַז זי דערזעט די מעשענע לייכטער מיט די מיט־חלב־פֿאַרשמאָלצענע סאַרדין־פּושקעס, דערמאָנט זי זיך, אַז זי איז, דאַכט זיך, אָט ערשט־אָ אַנטשלאָפֿן געוואָרן לעבן דער טאָכטער; אַז אָט ערשט־אָ האָט זי ליכט געבענטשט און קיין „שבת״ ניט געגעסן.

ראָזע דרייט אוים דאָס נאַסע פּנים צו איר, נעמט אַראָפּ דעם האַנטוך, וואָס הענגט אַף דער טיר, און רעדט צו דער מוטער פֿון אונטערן האַנטוך ווישנדיק זיך דאָס פּנים:

— גיי, גיי מאַמע שלאָפֿן, ס'נאָך גאַנץ פֿרי.

די אַלטע זעצט זיך אַוועק אַף אַ ווייסן אָפּגעקראָכענעם בענקל, קוקט אַף דער טאָכטערס פּנים, וואָס איז שוין ווידער אַמאָל יונג און פֿריש, און וויל אַז ראָזע זאָל איר נאָר זאָגן איינס:

„צי איז זי, די מוטער, איר אַ מאַמע, צי ניט? און אויב זי רעכנט זי ניט פֿאַר קיין מאַמען — טאָ זאָל זי איר אַרויסטרייבן פֿון שטוב און אַן עק! וואָס האָט זי צו איר? וואָס פֿאַרצאַפּט זי איר דאָס בלוט?!״

יעדעם וואָרט רעדט זי אַרוים ווי מיט אַ פֿייף. דער פֿייף רייסט זיך אַריין אין ראָזעס אויערן און מאַכט זי צעטראָגן. אַ פֿאַרלוירענע פֿון דער מוטערס רייד, בלאָזט זי אָן די ליפּלעך, נעמט זי אַרום און פֿירט זי אין שלאָף־צימער.

זי דערציילט איר, אַז מ׳האָט איר באַי, אָט דעם שיינעם באַי, וואָס זי האָט א פּאָר מאָל אַרויפגעבראַכט אַהער, און איז איר, דער אַלטער, אויך געפעלן געוואָרן, אַז אָט דעם באַי האָט מען נעכטן אַרעסטירט דערפאַר, וואָס ער האָט זיך אָנגענומען פאַר איר, און אַז איצט מוז זי לויפן קלאַפּן אין אַלע טירן מ׳זאָל אים צוריק אַרויסלאָזן.

די אַלטע ווערט נאָך אומרואיקער פון דער טאָכטערס רייד און איז שוין ברוגז אַף זיך אַליין, וואָס זי האָט אַמאָל געזאָגט אַז „אָט דער לץ מיט דער קורפּאַטער נאָז" געפעלט איר — „ער קוקט אויס צו זיין אַ טאַטנס אַ קינד". איצט האָט זי מורא, אַז אָט דעם „טאַטנס קינד" וועט פון איר אויס־נאַרן איר טאָכטער און זי נאָך „אומגליקלעך" מאַכן:

„אַז ער איז אַ פּיף־פּאַף, אַ ווינט אין פעלד, וואָס שלעפּט זיך אַרום ווי אַ קאַטערזשאַן אין יוראָפּ איבער אַלע טורמעס!"

פונדעסטוועגן פילט זי אַ שטיקל נאָענטקייט צו אָט דעם פרעמדן בחור, וואָס זיצט איצט אין טורמע. די נאָענטקייט אירע איז פון אַ אידענע, וואָס האָט אַ שיינע טאָכטער און וויל, אַז אַ געזונטער יונג זאָל ווערן איר איידעם, און זיי, דער איידעם מיט דער טאָכטער, זאָלן אויספירן אַ שיינעם „פּליד" געראָטענע אייניקלעך פאַר דער אַלטער...

זי וויל, אַז ראָזע זאָל מיטנעמען פאַר אים עטלעכע בוימל־בולקעלעך, בוימל־בולקעלעך וואָס צעגייען זיך אין מויל ווי פּוטער...

„דו נאַר", זאָגט זי איר, „ער׳ט זיך מחיה זיין מיט זיי — ס׳אַזוינע ווי דו האָסט ליב...."

„וואָס ווייסטו, כ׳האָב אַזוי לאַנג געהריזעט דעם לענדלער, ביז ער האָט מיר טאַקע געפּיקסט דעם אויוון. ער ניטעט דאָך שוין ווידער אַמאָל, דער אויוון! וואָלסט אומיסטן אַ קוק געטאָן אַף די בוימל־בולקעלעך מיט דער מאַאינע, וואָס איך האָב היינט אָפּגעבאַקן—וואָלסט משוגע געוואָרן, נאַרעלע!"

און אַז די טאָכטער לעשט אויס אין קיך דעם לאָמפּ און לאָזט זיך שוין צו דער דרויסנדיקער טיר, שרייט איר נאָך אַלץ נאָך די מוטער שוין ליגנדיק אין בעט:

— אפשר וואָלט זי פאַרט, די משוגענע מויד אירע, מיטגענומען כאָטש פאַר זיך אַליין אַ פּאָר בוימל־בולקעלעך מיט אַן עפּל, וואָס גיסט זיך אין מויל ווי אַ גוטער וויין? דאָס האַרץ וועט דאָך איר פאַרכליאַנעט ווערן, דער קרוטשענער מויד!

## III

טאַקע איצט, ווען ראָזע לויפט אינעם האַרבסטיקן קאַלטן פרימאָרגן אין דער יוניאָן אַריין, און אַן איינגעגעסענער ווינט שפּרינגט איר אין פּנים ווי אַ צערייצטער הונט און וויל איר נאָר ס׳פּנים צעבייסן; טאַקע איצט טוליעט זיך דער „טשיינימאַן" אונטער דער קאָלדרע צו זיין פליישיקער ווייב און בעט זיך באַ איר, זי זאָל אים לאָזן שלאָפן כאָטש נאָך צען מינוט — נאָך פינף מינוט.

די ווייב זיינע, אַ אידענע מיט גרויסע בריסט ווי באַ אַ טעליצע, גיט אים אַלעמאָל אַ שטורכע מיטן עלנבויגן אין די ריפּן:

— אושער, אושער, ס׳טאָך אַליין געהייסן כ׳זאָל דעך וועקן זעקס אזייגער, אושער.

אָשער וואָלט אַ בעלן געווען אַצינד אַוועקלייגן זיין קאָפּ אף אירע טעליצע־בריסט און חלומען פון דעם ווי ער וועט וואָך ווערן אַ באַלעבאָס, זיך קויפן אַ טייערן אָטאָמאָביל — און לעבן אַ „חזירשן טאָג"...

און טאַקע בפירוש:

„מיט מיידעלעך, יונגינקע, מיידעלעך וואָס האָבן קליינע שטייפע בריסט־לעך — ווי פויסטן די גרויס..."

ס׳ווייב זיינס לאָזט אים אָבער ניט צורו:

— אושער, אושער, וואָס זאָלעך דיר מאַכן פאַר ברעקפעסט? טי צי קאָפי?

זי קריכט אַראָפּ פון בעט, צינדט אָן ס׳עלעקטריש לעמפּל און הויבט זיך אָן אָנטאָן. אַ הויכע, אַ ברייטע איז זי — אַלץ אין איר איז איבער דער מאָס: זי האָט צו לאַנגע און צו גראָבע פיס, אַ צו ברייט פּנים און היפּשע זאַיעדעס באַ די מויל־ווינקלען. אפילו נעדיכטע וואָנצעס האָט איר אויך גאָט ניט געזשאַלעוועט. דאָס האָט ער שוין אפּנים געוואָלט אויסגלייכן די קריוודע, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן איר מאַן, אים צוגעוואָרפנדיק בלויז עטלעכע הערעלעך, פון וועלכע ס׳קען בשום אופן ניט אַרויסקומען עפּעס אַ נישקשהדיק בערדל...

אַז זי איז שוין אָן אָנגעטאָענע און לאָזט זיך אין קיך אַריין צוגרייטן פאַר אים „טי צי קאָפי", שרייט ער איר נאָך מיט אַ פאַרשלאָפן קול:

— ס׳ט מיר מאַכן קאָפי, רבקה, מיט אַ לויז איי.

און זיך אויפזעצנדיק אין בעט:

— דערלאַנג מיר בעסער, רבקה, מיין זונטיקדיקן סוט מיט די נייע שיך.
רבקה, גאָסי האָט נעכטן אָפּגענומען פון קלינער מיין דוירבי ?

**IV**

א יום־טוב איז היינט באַם טשיינימאַן — גאָר־גאָר אַ גרויסער יום־טוב.
טאַקע דערפאַר פּוצט ער זיך איצט אַזוי אויס און זיינע בעסטע מלבושים.
איין קלייניקייט, היינט ווערט ער דאָך טשערמאַן אין שאַפּ און פון טשערמאַן
— ווער ווייסט ? אפשר טאַקע אַ שטיקל באַלעבאָס אויך ?
„שוין צייט, דאַכט זיך, הא ?"

פאַרן פאַרלאָזן דאָס הויז, קעמט ער צו די אָנדערהאַלבן האָר פון זיין בערדל, שפּריצט מיט שפּייעכץ אַפן האַרטן קאַפּעליושל און אַרומווישנדיק דאָס מיטן אַרבל פאַרגעסט ער אויך ניט אָנזאָגן דעם ווייב :

— ס'ט אָפּזייען, רבקה, אַ ביסל ווישניאַק אין באָטל און אַריינשטעלן אין אייז־באָקס. כ'ל אפשר היינט אַרבעטן נאָר אַ האַלבן טאָג באַם טעילער. זאָלסטעך אָנטאָן ווי אַ מענטש, רבקה, כ'ל אפשר ברענגען אַ פּאָר לייטע פון שאַפּ.

שפּעטער שוין, ווען ער אײַלט זיך פון טעילאָר־סטאָרקע אין שאַפּ אַריין, שפּייט ער שוין ווידער אַמאָל אַפן האַרטן קאַפּעליושל און ווישט עס אַרום מיטן אַרבל. ער וויל ס'זאָל זיין מיט אַ „ליסטער" — ס'זאָל גלאַנצן ווי אַ צילינדער.

אַז ער קומט צו צום מויער, וואו דער שאַפּ געפינט זיך, רוט ער זיך אָפּ אַ פּאָר מינוט אין קאָרידאָר, קוקט זיך אַרום צי ס'איז ניט געבליבן אַף אים עפּעס אַ סימן פון דער „טעילאָר־סטאָר", וואו ער האָט ביז איצט געשמאַק געאַרבעט, און מיט אַ פרום פּנים פון אַ מענטשן, וואָס טראָגט אַף זיך דעם צער פון דער גאַנצער וועלט, לאָזט ער זיך אַרויפגיין מיט די שטיגן אין שאַפּ.

אינעווייניק, אין שאַפּ, אַרבעט מען שוין ניט. אַ טייל אַרבעטער ווישן אַרום די מאַשינען, אַנדערע חשבונען אין די ביכלעך זייער אַרבעט וואָס איז דאָרט פאַרשריבן, און בלויז איינער, דער „מאָלדראַוואַן", קען ניט איינזיצן אַף איין אָרט. ער לויפט אַרום פון סערקען צו דער „נבלה", פון דער „נבלה" צוריק צו סערקען און האַלט זיך אין איין סודען מיט זיי.

אויפן פּרעסערס נידעריקן־ברייטן טיש שטייט אַ פּלאַש בראָנפן און לעבן דער פּלאַש, אויף אַ האַנטוך, ליגט אַ צעשניטענער טאָרט.

אַז די טיר עפנט זיך אויף און דער „טשיינימאַן" רוקט צוערשט אַריין דעם קאָפּ, גלייך די איבעריקע טיילן פון קערפּער וואָלטן זיך געשעמט און געשטופּט דעם קאָפּ ער זאָל דער ערשטער אַריין אין שאַפּ, באַמערקט אים פריער פון אַלעמען דער „מאָלדאַוואַן". דעם „מאָלדאַוואַנס" אויגן גיבן אַ פּאָר מאָל אַ שאַרפן קוק אויפן „טשיינימאַן" און ס'דוכט זיך דעמאָלט, שטיינער וואַרפן אָט די אויגן צום יום־טובדיקן אויסגעפּוצטן „טשיינימאַן". דאָס מויל דעם „מאָלדאַוואַנס" רעדט ניט — דערפאַר גיט זיינער אַ קניטש מיט דער נאָז גאָרניט קיין פריילעכן ברוך־הבא דעם „טשיינימאַן":

„ט'האָסטו דיר! מ'האָט געשיקט נאָכן מלאך איז געקומען דער גלח!"

דער „טשיינימאַן" מאַכט זיך אָבער ווי ער באַמערקט גאָרניט דעם „מאָלדאַוואַן". ער דערזעט דעם לעקעך און בראָנפן באַם פּרעסער אויפן טיש און בלייבט שטיין כלומרשט אַ געפּלעפטער:

— וואָס איז דאָס? אַ פּאַדי גאָר אין מיטן דערינען?!

און שוין גייענדיק צום פּרעסער:

— פּאַ וועמען איז עס דאָס פּאַדילע, האַ? פּאַר מיסטער גראָסן, אונזער טשערמאַן, אפשר, האַ? שור האָט ער פּאַרדינט אַ פּאַדי, אַ גרויסע פּאַדי! — ער צענעמט די הענט אין דער ברייט און ווייזט ווי גרויס די „פּאַדי" דאַרף זיין. — פּאַרוואָס עפּעס נאָר אַ פּאַדי? און אַ גילדענעם וואַטשנטשעין איז דער שאַפּ אים קליין צו קויפן?

איצט איז שוין דער יום־טובדיק־אויסגעפּוצטער „טשיינימאַן" צוריק אין זיין וואָכעדיקער ראָלע. ער נעמט אַראָפּ פון קאָפּ דאָס קאַפּעליושל וואָס איז אים אַזוי איינגעבאַקן אין האַרצן און רעדט צום פּרעסער הויך אויפן קול, מ'זאָל הערן אין אָפּים יעדעס וואָרט וואָס ער זאָגט:

— האַ, וואָס זאָגט איר, מיסטער ווײַנשטיין, אַ גאָלדענעם וואַטשנטשעין מיט אַ שיינעם דיימאָנד־פּין וועט זיין גענוג?

און טאַקע ענטפערנדיק זיך אַליין אויף דער אייגענער פראַגע:

— וואָס רעדט איר! דער מאַן האָט דאָך פאַרדינט מ'זאָל אים טראָגן אויף די הענט און שרייען הוראַ! אַ קלייניקייט, דער מאַן נעמט און פירט אונדז צו די קאָמוניסטן אין גן־עדן — און מיר, די פערד, האָבן קיין שכל ניט און אַנטלויפן גאָר פון דאָרטן! שור דאַרף מען אים מאַכן אַ פּאַדי — אַ גרוי־וי־סע פּאַדי!

דער טשערמאַן, מיסטער גראָס, וואָס זיצט באַ דער מאַשין און אוילט זי אָן, ווערט נאָך בלייכער ווי ער איז. ער דרייט מיטאַמאָל אַוועק דעם קאָפּ פון דער מאַשין און קען ניט ענטפערן. אַ שווערער הוסט הייבט אָן רייסן זיינע לונגען און קיצלען אין האַלדז. מיט איין האַנט האַלט ער זיך אָן באַם בויך, מיט דער צווייטער פּאַכעט ער אין דער לופטן, אינעם „טשייני־מאַנס" זייט, און סקריפּעט אַרויס ווי מיט אַ סך גערגעלעך וואָס האָבן אַלערליי קולות:

— אַף דיין קבר, „טשיינימאַן", על איך מאַכן אַ פּאַדי!

— אפשר ווייסט איר, מיסטער לעפקאָוויטש, וואָס דער מאַן וויל? איך ווייס ניט!

— נעבעך, אַ רחמנות אפּן „טשיינימאַן", ער ווייסט גאָרניט, וואָס „דער מאַן", גראָס דער טשערמאַן, וויל.

דער קאַטער, מיסטער לעפקאָוויטש, וואָס האַלט זיך פּאַר אַ זייטיקן אין שאַפּ, ענטפערט אים ניט. ער שמייכלט בלויז אונטער און האָט גוואַלדיק הנאה פון דעם קריג, וואָס הייבט זיך אָן צו צעפּלאַקערן.

דער „מאַלדאַוואַן" גראָד ווייסט יאָ, וואָס גראָס וויל:

— „טשיינימאַן", ער וויל דו זאָלסט פאַרשטעקן דעם טוילעט — אויב ניט וועל איך אים דיר פאַרשטעקן!

און אין אַ ווײַלע אַרום:

— „טשיינימאַן", עפּעס אַ גוטן חזן האָסטו היינט געהערט אין דיין „טעילאָר־סטאָרקע", האַ?

ס'ערשטע מאָל הערט ער דאָ, ווי מ'וואָרפט אים אויס אַזוי אָפן, אַז ער אַרבעט גאָר שבת באַ אַ שניידער. ער וועט אָבער ניט ענטפערן דעם „מאָל־דאַוואַן" — „אַז ס'שטייט אים גאָרניט אָן רעדן צו אָט דער כוליערע מיט די געלע ציין!"

פונדעסטוועגן, כדי צו מאַכן דעם איינדרוק אַף די אַנדערע אַרבעטער, אַז ער איז אַהער סתם אַזוי אַרויפגעקומען אין שאַפּ און ווייסט גאָר ניט אַז ס'דאַרף דאָ באַלד זיין אַ מיטינג, הייבט ער אָן דערציילן דעם פּרעסער אַ מעשה מיט אַ טאָן פון איינעם, וועמען מ'האָט איבערגעשלאָגן אינמיטן זיין רעדן און איצט דערציילט ער שוין ווייטער:

— וואוין איך דאָך אין דעלענצי סטריט. נו, טראַכט איך מיר, אויב שוין יאָ אַזאַ גאַסט פון יוראָפּ — מוז איך אים גיין הערן. זאָל מיך קאָסטן אַ קאָפּ פון אַ הערינג — מוז איך אים הערן דאַווענען. אַ קלייניקייט, חזן

וועלוועלע מארגאָליס! כ'קאָן דאָך אים נאָך פון יוראָפּ! ווען ער איז נאָך א באָיטשיק געווען, געדענק איך, האָט ער איינמאָל בא אונז, אויב איך מאַך ניט קיין מיסטייק, געדאַוונט אין א שבת־הגדול, האָבן די ווייבער אים געוואָלט אַלע ביינדעלעך אויסקושן. מ־ם, ס'א קול דאָס האָט! אז כ'האָב דערזען אין פּייפּער, אז ער איז געקומען, זאָג איך צו מיינער: איך גיי שבת ניט אין מיין קאָנגרעגיישאָן, זאָג איך, איך גיי, זאָג איך, הערן מיינעם א לאַנדס־מאַן אַף דער ווערסט־סייד. וואָס זאָל איך אייך זאָגן? ר'האָט זיך אינגאַנצן געטשענדזשעט, גאָרניט דער וועלוועלע וואָס געווען! כ'בין געזן געווען, ווען ס'האָט זיך געפינישט דאָס דאַווענען, כ'זאָל קענען אַנטלויפן.

איצט, אז ער האָט שוין דערקלערט ווי ער קומט אין דער געגנט, דער־ציילט ער שוין אויך פאַרוואָס ער איז אַרויפגעקומען אין שאַפּ.

— גיי איך מיר, הייסט עס, אזוי פונעם דאַווענען און טראַכט: אויב איך בין שוין יאָ דאָ אין סעקשאָן, פאַרוואָס ניט אַרויפגיין אין שאַפּ? כ'בין א בעלן זען, ווער אַרבעט שבת אַף מיין מאַשין, ווען כ'בין ניטאָ. נו־נו, טרעף איך גאָר דאָ א פּאַדי! נו מילא, זאָלן שוין זיין שמחות בא אידן.

ער וויל עפּעס נאָך דערציילן, נאָר דער „מאָלדאַוואַן" האַקט אים איבער קורץ און שאַרף:

— „טשייני מאַן", בלאָף ניט! מיינסט מ'ווייסט ניט, אז דו שיסט אריין שבת אין א „טעילאָר־סטאָרקע"?

— אַלטער בחור, מ'עט דאָך דיך באַגראָבן אָן א טלית!

דאָס פּאַרדריסט שוין סערקען. זי ווייסט דוקא, אז פּאַרקערט, באַגראָבן וועט מען אים גראָד יאָ אין א טלית. וואָרים זי האָט שוין מיטן „מאָלדאַוואַן" אָפּגעמאַכט, אז די לעצטע וואָך פאַר קריסטמעס נעמען זיי אַרויס „מערידזש־לייסענס" און אין א וואָך שפּעטער וועלן זיי חתונה האָבן. זי האָט אָבער ניט קיין מזל. אז זי עפנט אויף דאָס מויל און וויל ענטפערן דעם „טשייני־מאַן" „ווי ער האָט פאַרדינט בא איר" — עפנט זיך די אָפיס־טיר און ס'קומען אַריין ביידע באַלעבאַטים מיטן ביזנעס־איידזשענט, ברודער מייעראָוו.

ברודער מייעראָוו, מיט די גראָבע פעטע ליפּן, וואָס דערציילן פון שטענדיקער זאַטקייט, פון צופרידנקייט מיט זיך אַליין, גייט אַרויס דער לעצטער פונעם אָפיס און שפּאַנט צום פרעסערס טיש מיט געזעצטע טריט — מיט טריט פון א מענטשן, וואָס ווייסט זיין ווערט. די אַרבעטער קוקן אים נאָך אי מיט שנאה, אי מיט מורא. די באַלעבאַטים — גראָד פאַרקערט: זייערע אויגן גלאַנצן מיט א באַזונדער מין צופרידנקייט — א פרייד פון

מענטשן, וואָס האָבן אָפּגענומען אַ כמעט פאַרפאַלענעם חוב און איצט ציילן זיי איבער דאָס געלט.

שוין לעבן פּרעסער, נעמט דער ביזנעס-אײדזשענט דאָס פּלעשל בראָנפן, דרייט אָפּ דאָס בלעכענע בעכערל, וואָס דינט פאַר אַ פאַרשטעקער, און רוקט אַריין די נאָז אַ שמעק צו טאָן דעם בראָנפן:

— אַן אמת ביסל סקאָטש!

און נאָכדעם שוין געשעפטסמעסיק:

— אַלזאָ, שוועסטער און ברידער!

ס'גלינגט אים אָבער ניט רעדן ווייטער. פון דער צווייטער ריי מאַשינען, וואָס געפינען זיך לעבן פענצטער, שטעלט זיך מיטאַמאָל אויף דער „הערינג-מאַן" אין זיין גאַנצער לענג, ער גיט אַ הוסט אין פויסט און הייבט אָן צעקנעפּלען און פאַרקנעפּלען זיין ראָק:

— ברודער דעלעגאַט, כ'ל אייך פרעגן אַ קוועסטשן — און אויב איר ענטפערט מיר מיין קוועסטשן, קויף איך אייך אַ סטאָוו-פּייפּ! פון ווען אָן האָט די יוניאָ אָנגעהויבן מיטן אין שאַפּ און ניט אין יוניע-אָפּיס און פון ווען אָן האָט די יוניע — — —

אַ גאָטס רחמנות אַף אים. ניט ער געדענקט זיינע איבעריקע פראַגן, ניט דער ביזנעס-אײדזשענט לאָזט אים ענדיקן:

— ברודער, ווי הייסט איר דאָרט, נאָכן מיטינג וועט איר מיך קענען קוועסטשענען!

ער האָט אָבער ניט געטראָפן דאָס מאָל: דאָס דריבנע איטאַליענערל מיטן קאַראַקולן קעפּל גלאָצט זיינע טיפע-שוואַרצע אויגן און שרייט ווי אין אַ לצנות אַף אַ צעבראָכענעם אידיש און נאָך אַן ערגערן ענגליש:

— נאָ ראָזי — נאָ וואָיק — נאָ גאַליציאַנע יוני-י-י!

— שאַר-אַ-אַ-אַפּ!

אַ פאַרלוירענער לויפט שוין נאָכדעם דער ביזנעס-אײדזשענט איבערן שאַפּ, לויפט אין אָפּיס אַריין, קלינגט דאָרט אומגעדולדיק אין טעלעפאָן און שרייט פון דאָרט אין שאַפּ אַריין:

— שאַר-אַ-אַ-אַפּ!

נאָר אָט באַווייזן זיך עטלעכע יונגען אין שאַפּ. מיט פּנימער ווי מ'וואָלט זיי אין טאַטן געשאָלטן, פאַרקרימען זיי די פּיסקעס, שניידן זיך אַריין צווישן די אויפגערעגטע אַרבעטער און הייבן אָן שלאָגן אין אַלע זייטן.

דאָס דריבנע איטאַליענערל שפּרינגט אַרום צווישן די שלעגער מיט זיין

גרויסער שער אין דער האַנט און שרייט עפּעס אין איטאַליעניש.
איצט איז שוין דער יוניאָן־פּאַרטרעטער אויסגעטאָן פון זיין דזשענטל־מאַנישקייט: ער גיט אַ וואָרף מיט קראַפּט דאָס פלעשל בראָנפן אַפן דיל; אַן אַלקאָהאָלישער געשטאַנק פאַרשפּרייט זיך באַלד איבערן שאַפּ, דער ביזנעס־איידזשענט וואַרפט זיך אויך מיט פאַרשטייפטע פויסטן אַף די אַרבעטער און שרייט ווי מיט די לעצטע כחות:
— „געט אוט אָוו היר!"
און טאַקע אויסדריקלעך:
— „אָל אָוו יו!"

# קאפיטל פינף

## I

א מוראדיקער טומל אין שאפ:

בענקלעך, בלעכענע קארבן אין וועלכע מ'האלט די נאך־ניט פארטיקע ארבעט, הילצערנע הענגערם און קליידלעך פון אלערליי קאלירן שוועבן ארום אין דער לופטן. זיי פארטשעפען קעפ, פנימער, זעצן עמיצן אראפ צום דיל און שניידן דורך די לופט מיט מענטשלעכן פארצווייפלטן געשריי, מיט א געבראזג פון הארטע זאכן, וואס פאלן ארונטער אף א צעמענטענעם דיל.

א געגנסטער, א ריז, בויגט אוים דעם אויבערשטן האלבן קערפער זיינעם, שטרעקט אוים די הענט מיט פארבויגענע פינגער, וואס זעען אוים ווי נעגל פון אן אדלער וואס יאגט זיך נאך זיין רויב, און וויל א כאפ טאן דאס איטאליענערל; ער וויל אים אויפהייבן אין דער לופטן און אים א שליידער טאן צו דער וואנט, וואו ס'הענגען די פאפירענע „פעטערנס״. מיטאמאל גיט א שער א בלישטשע אין דער לופטן: דעם געגנסטערם ציין בייסן זיך איין אין זיין אונטערשטער ליפ, זיינע הענט כאפן ארום דעם אייגענעם נאקן און צווישן זיינע צעשפרייטע גראבע פינגער באווייזן זיך צו ערשט א פאר טראפנס בלוט און נאכדעם פויזן שוין ריטשקעלעך בלוט איבער זיינע פינגער, ווי רויטע ווערימלעך ארום א יאטערדיקער וואונד פון א פאדלע.

פון אנטקעגנאיבער דער גאס, אין א שאפ, וואס איז מיט א שטאק העכער פון דעם שאפ, שטופן זיך ארבעטער ארום די אפענע און פארמאכטע פענצטער; זיי שרייען עפעס מיט אויפגערעגטע פנימער, פאכען מיט די פויסטן, שפרינגען אלעמאל אויף צופרידענע, ווען זיי דערזעען ווי א געגנסטער כאפט אריין א געלונגענעם בוכטשע פון אן ארבעטער; נאך מער צעהיצטע מאכן זיי האסטיקער מיט די פויסטן און ווייזן, ווי אזוי מ'זאל דערלאנגען די געגנסטער בעסער, בעסער, בעסער...

ערשט ווען דער געשלעג האלט שוין באם העכסטן פונקט, דערמאנט זיך דער באלעבאס, מיסטער סיגל, אז פאר שלאגן די ארבעטער וועט ער ווידער־אמאל דארפן באצאלן א שיינע מטבע, אז פאר די קליידלעך, מיט וועלכע

מ׳וואַרפט זיך איצט אַרום, וועט ער מוזן באַצאָלן ביז אַ פּעני — און ווי דינע־זשאַווערדיקע זעגעלעך וואָלטן זיך אין זיין האַרץ פאַרקליבן און זיך איינגעביסן מיט די ציינדלעך אין זיין ברוסט־קאַסטן, פאַרקלעמט אים באַם האַרצן, און עפּעס אַ נאָגנדיקער ווייטיק צעשפּרייט זיך איבער זיין גאַנצן קערפּער.

אַ ווילדער, כמעט אַ משוגענער, גיט ער מיט אַן אַקסל אַ שטויס אַ גענגסטער — יענער זאָל אים דורכלאָזן צום אָפיס; ער וויל אַריינלויפן אין אָפיס, כאַפּן דעם טעלעפאָן און רופן אין אַלע פּאָליציי־סטאַנציעס מ׳זאָל אים קומען ראַטעווען — ראַטעווען זיין פאַרמעגן. דער גענגסטער, וואָס ווייסט אַפּנים ניט, אַז דער אַלטער איז דאָ אויך אַ באַלעבאָס, פאָרט אים אַריין מיט זיין פויסט פּונקט צווישן די אויגן. דער באַלעבאָס גיט זיך אַ וואַקל צוריקוועגס און פאַרשטעלט מיטביידע הענט די אויגן, ווי איינער וואָס האָט פּלוצים דערזען, אַז אַ גרויסער אומגליק רוקט זיך אָן אויף אים. די געפאַר, וואָס לויערט איבער אויף זיין פאַרמעגן, שטאַרקט אים און מאַכט אים אַף אַ ווײַלע פאַרגעסן זיינע ווייטיקן; ער שטופּט זיך דורך צו די פענצטער, כאַפּט אַ בענקל מיט ציטערדיקע נערוועזע הענט און הייבט אָן ווי אַ משוגענער זעצן מיטן בענקל איבער די שויבן:

— געוואַ־אַ־אַ־אַלד!

מיטן געבראַזג פונעם גלאָז, וואָס צעקלאַפּט זיך אונטן, אַפן טראָטואַר, דערטראָגט זיך אָהער אַ געשריי פון מענטשן, וואָס שטייען דאָרט אַף ביידע טראָטואַרן. דאָס געשריי קלעטערט אַריין אָהער דורך די אויסגעזעצטע פּענצ־טער און רוישט ווי ים־כוואַליעס אין אַן אָסיען־נאַכט בעת אַ שטורעם:

— בו־ו־ו־ו!

דער דרויסנדיקער געשריי שרעקט אָבער ניט איבער די געדונגענע שלעגער: איינציקווייז געלינגט זיי אָנכאַפּן די אַרבעטער באַ די קאָלנערס, היגטן באַ די הויזן און זיי אַרויסוואַרפן אין קאָרידאָר. אַז אַן אַרבעטער שפּאַרט זיך איין באַ דער טיר און לאָזט זיך ניט אַרויסוואַרפן, פאַרגייען זיי זיך אין אַ בילנדיק געלעכטער. אַ פּאָר גענגסטערס כאַפּן אָן דעם אַרבעטער באַ די פיס, באַם קאָפּ — וואו נאָר ס׳געלינגט זיי, טראָגן אים אַרויס אין קאָרידאָר און שטויסן אים אַראָפּ פון די טרעפּ, וואָס פירן אין דרויסן אַרויס.

נאָר ווען זיי כאַפּן אָן אַ מיידל, בלייבן זיי שטיין מיט האַלב־אָפענע פּיסקעס און ווייסן ניט וואָס צו טאָן מיט איר. דעמאָלט גייט צו דער ביזנעס־איידזשענט צו איר, נעמט זי אָן באַ די אַקסלען און פירט זי אַרויס פון שאַפּ.

אין קאָרידאָר טרייסלט ער מיט זיין ציינג־פינגער פאַר יענערס נאָז און לאָזט זי אָפּ.

ס'מיינט:

„זעסט, כ'בין אַ דזשענטלמאַן!”

נאָר דער עיקר:

„היט זיך, היט זיך די ביינער, זאָגט מען דיר!”

זיי פאַרשטייען אָבער, די גענגסטער, אַז אָט די פּאָר מענטשן, וואָס האַלטן צו דעם אַלטן באַלעבאָס, מיסטער סיגלען, ער זאָל מער קיין שויבן ניט ברעכן, זיינען „אייגענע מענטשן”, און זיי טאָר מען ניט טשעפּען. זיי פאַרשטייען אויך אַף אַ וואונק פונעם פּרעסער, וואָס טרייסלט דעם באַלעבאָס קאָפּ ווי באַ אַ דערטרונקענעם, אַז די צוויי נעגערשע מיידלעך, וואָס האָבן זיך פאַרשלאָגן אין אַ ווינקל און וויינען, דאַרף מען לאָזן צורו און נאָר אָנשרייען אַף זיי, זיי זאָלן אויפהערן קלאָגן.

דערפאַר אָבער, אַז ס'קומט די ריי צו דער „נבלה”, וואָס איז שוין דער לעצטער צום אַרויסגעוואָרפן ווערן — ווערט שוין די שמחה פאַרפול.

אַז אַ גענגסטער כאַפּט אָן די „נבלה” הינטן, באַם קאָלנער אינאיינעם מיט אַ שטיק קאַרק און שלעפּט אים צו דער טיר, קאָרטשעט זיך די „נבלה” צונויף ווי עפּעס אַ בלודנע הינטל, וואָס מ'טראָגט פאַרן פעלכל צום טייך עם דערטרינקען, און דריגעט אַ פאַרצווייפלטער מיט די הענט און מיט די פיס. ער וויל זיך אַרויסרייסן פונעם גענגסטערס הענט, אויסדרייען דעם קאָפּ צום יונגן באַלעבאָס, מיסטער רובינען, וואָס קלייבט שוין איצט צונויף מיטן „טשיינימאַן” די קליידלעך, און בעטן אים, אַז ער, דער באַלעבאָס, זאָל אים ראַטעווען; ער, זיין גוטער פריינט, וואָס גלויבט מיט אים אין איין „אידעאַל”, וואָס האַלט אינאיינעם מיט אים אַזויפיל פון ביאַליקן, זאָל ניט דערלאָזן מ'זאָל אים אַרויסוואַרפן ווי עפּעס אַן אָפּגענוצטע שמאַטע.

נאָר דעם גענגסטערס הענט זיינען שטאַרקע. זיי ציען איין שטייפער דעם קאָלנער אַרום דער „נבלהס” האַלדז און לאָזן אים קיין וואָרט ניט אויס־רעדן. שוין באַ דער טיר, ווען אָט־די הענט לאָזן אָפּ זיין קאַרק און כאַפּן אים אָן גאָר פּשוט באַם הינטן, דערפילט ער אַ מאָדנעם בזיון אין זיך, דער־פילט אַ האַס צו אַלץ, וואָס האָט אים ביז איצט מיטן באַלעבאָס פאַרבונדן, און ווי אַ מענטש, וואָס ווייסט שוין אַז סיי־ווי־סיי האָט ער שוין אַלץ פאַר־לוירן, באַרכלט ער אַרוים:

— איך קאַ . . . אַף דיר!
— . . . אַף דיין ארץ־ישראל!
— . . . אַף דיין ביאַליקן!

## II

נאָכדעם, ווען די אַרבעטער שלעפּן זיך אַרויס אין דרויסן קוים זשיפּענ־דיקע און האַלטן זיך צו באַ די צעבלוטיקטע, צעביילטע טיילן פון די קערפּערס, דערפילן זיי ערשט דעם פיינלעכן ווייטיק פון אָט־די אַלע באַליידיקונגען, וואָס מ'האָט אויבן, ערשט־אָ, אַזוי טיף אַריינגעשפּיגן אין זייערע נשמות. אָט־דער ווייטיק צעגייט זיך איבער זייערע לייבער און שמאַרצט און עסט יעדן צעל באַזונדער, ווי זאַלץ־זעמדעלעך אין אַן אויפגעשניטענער וואונד.

אַנדערש קוקן אָבער אַף זיי די אַרבעטער, וואָס זיינען זיך צונויפגעלאָפן פון די אַרומיקע גאַסן און זיך צונויפגעשלאָגן האַרט באַ די טירן פון מויער:

זיי באַגעגענען יעדן אַרויסגעוואָרפענעם פונעם דריטן שטאָק, ניט ווי פּשוטע אָפּעריטאָרס, נאָר ווי העלדן, וואָס קערן זיך אום פונעם שלאַכטפעלד און האָבן אַ וועלט צו דערציילן פון זייערע העלדנטאַטן. יעדן אַרויסגעוואָר־פענעם רינגלען די דרויסנדיקע אַרבעטער אַרום, מאַכן אַף אים צורעכט די צעקנייטשטע, אָפּט פאַרבלוטיקטע מלבושים; ווישן מיט די נאָזטיכלעך אַרום זיינע בלוט־פלעקן און ווילן, אַז ער, דער צעשלאָגענער, זאָל נאָך אַמאָל און איבער אַמאָל דערציילן פונעם אָנהויב אָן, ווי אַזוי ס'האָט זיך אָנגעהויבן ס'געשלעג דאָרט אויבן.

אַן אַרבעטער, אַ נידעריקער, אַ ברייטלעכער, וואָס האָט פאַרוויינטע־קאַלעמוטנע אויגן, ווי זיי וואָלטן תמיד אין זאַלץ־וואַסער זיך געווייקט, קוקט ביזלעך אַף אַלע אַרום; ער וואַרפט אויטאָמאַטיש קאַבאַק־קערלעך אין מויל אַריין, און אַריינכאַפּנדיק אַ ביטער קערל, פאַרקרימט ער דאָס פּנים און שפּייט אויס מיט אַן אויסגעצויגענעם טפו־ו־ו:

— נו, זעט איר שוין, ווער איז גערעכט, האַ?

ווער ס'איז גערעכט, ווייסט מען טאַקע ניט, וואָרים באַם „האַ" רוקט ער אַריין די הענט אין קעשענע, נעמט אַרויס אַ פולע זשמעניע קערלעך און קוקט אַף די אַרומיקע מיט אַ פאַרבאָרגן שמייכעלע, ווי איינער, וואָס ווייסט אַ טיפן סוד, נאָר ער וועט אים קיינעם ניט אויסזאָגן. סוף־כל־סוף דער־באַרעמט ער זיך אַף זיינע צוהערער און, אויסטיילנדיק קערלעך אין עטלעכע

אויפגעשטעלטע הענט, פאַרבויגט ער אַלע פינגער, חוץ גראָבן, פון זיין רעכ־טער האַנט און הויבט אָן דרייען מיט אָט־דעם פינגער, ווי ער וואָלט געוואָלט אַ לעבעלע אויסבויערן אין דער לופט:

— וויפיל כ'שריי ניט: בהמות, פערד, חמורים, סטאַפּט צאָלן דיוס! איינמאָל ניין, ווי אין דער וואַנט אריין.

— ס'אַ משל — שלאָגט אים איבער אַ פאַרשוין, וואָס איז צוויי מאָל אַזוי די גרויס ווי ער — ס'אַ משל, גיי צאָל ניט קיין דיוס, אַז דער באַלעבאָס נעמט אראָפּ פון דער פּיידע.

און צענעמענדיק די הענט אין דער ברייט:

— וואָס קען מען זיך העלפן? עלעהיי מ'צאָלט אין דער עמפּלאָימענט־איידזשענסי פאַר אַ דזשאַב!

דערווייל זיינען שוין אַלע ארבעטער פון דער קאָלאָמביאַ אין דרויסן.

ווען די „נבלה" לויפט ארויס דער לעצטער, אומקוקנדיק זיך צוריק־ווענגס אַ דערשראָקענער, ווי אַ מענטש נאָך וועמען אַ טיטשקע וועלף יאָגן זיך נאָך, גיט דער „מאַלדאַוואַן", וועמעס פּנים ס'איז אויפגעלאָפן און פאַרשמירט מיט בלוט־פלעקן, אַ פּאַטש מיט דער האַנט, פּונקט אַזוי ווי ס'האָט ערשט נעכטן דזשאָו געטאָן, און זיין קול, וואָס איז איצט הייזעריקלעך, הילכט אָפּ איבער דער גאַס:

— קאָמאָן! מירן גיין צו דער יוניע; מירן זיי ניט שווייגן! מירן, מירן . . .

און באַלד הייבן אָן מענטשן מיט אונטערגעהאַקטע אויגן, מיט פאַר־בלוטיקטע פּנימער און צעריסענע קליידער זיך ארויסרוקן איינציקווייז פונעם עולם און מיט ניט קיין זיכערע טריט נאָכפאָלגן דעם „מאַלדאַוואַן", וועמען ס'באַגלייטן צוויי „אדיוטאַנטן" — סערקע מיט דער „נבלה".

סערקע, וואָס איז געוויינלעך אַ נידעריקע, האָט איצט עפּעס אָן אומ־באַשטימטן וואוקס. אַפּנים, ערגעץ אין שאַפּ בעתן געשלעג האָט זי פאַרלוירן אָן אָפּצאַס פון אַ שוך, שפּרינגט זי איצט אויף און לאָזט זיך אראָפּ, שפּרינגט אויף און לאָזט זיך אראָפּ. זי האַלט זיך אָן שטייף אָנעם „מאַלדאַוואַן", ס'זאָל איר זיין גרינגער צו גיין, און פּילט עפּעס אַ מאָדנע ליבשאַפט צו אים — אַ ליבשאַפט אַזאַ, וואָס זי האָט נאָך קיינמאָל ניט געפילט:

— ביסט עפּעס אַ מבין ווי ס'האָט זיך אַ ביסל אַ שלאָג געטאָן?!

און זיך צורוקנדיק גאָר נאָענט צו אים:

— די כפּרה זאָלן ווערן צען באָסעס פאַר זיין מינדסטן נאָגל!

הינטן, גאָר צום סוף, שלעפּט זיך אויך נאָך גראַס דער טשערמאַן. נאָך פריער, באַלד נאָכדעם בעת דער ביזנעס־איידזשענט האָט אויסגעשריען: „געט אוט אָוו היר!" האָט ער, גראַס, דער ערשטער זיך אַרויסגעכאַפּט פון שאַפּ. ער האָט גאָר אַנדערש ניט פאַרשטאַנען, אַז דער ביזנעס־איידזשענט מיינט הויפּטזאַכלעך אים...

וואָרים:

„ווער איז שולדיק אין אָט־דעם גאַנצן טראָבל? — ער, גראַס. ווען ער נעמט ניט אַרויף אַהער, אין שאַפּ, דעם פּלימעניק זיינעם, דזשאָון (פּוילן זאָל ער דאָרט אין פּריזאָן!), וואָלטן אַלע געלעגן איינגעלייגט; ער, גראַס, וואָלט געווען טשערמאַן ווי ביז איצט — און מ'וואָלט פאַרשפּאָרט לויפן צו די קאָמוניסטן! אַניט וועט ער דען ווערן אַ לינקער? אַז ווי לאַנג קרענקען זיי! גאָרניט, ער'ט גלאַט צוגיין אין זייער יוניע, הערן וואָס ווילן דערויף זאָגן די גרויסע שיסערס, וואָס קענען נאָר צעברעכן יוניעס, אָבער שליסן אַגרימענטס מיט די באַלעבאַטים — אַ פּייג!"

ביסלעכווייז הויבן אויך אָן די אַרבעטער, וואָס שטייען נאָך אַלץ לעבן מויער, זיך צו צעניין. עטלעכע יונגע אַרבעטער שטייען האַרט לעבן ביידע טירן פונעם מויער און ווילן ניט אָפּטרעטן. זיי וואַרטן, די געגנסטערס זאָלן פון שאַפּ אַראָפּגיין, וועט מען פון זיי מאַכן:

— קרעפּל־פלייש.

— טשאַפּסואי.

— מעש־פּאָטייטאָס.

מיטאַמאָל גיט אַ פלי פונעם דריטן שטאָק דורך די אויסגעזעצטע שויבן אַ הורבע שמאַטעס. נאָך די הענט, וואָס וואַרפן אַרויס די שמאַטעס, באַווייזט זיך דעם אַלטן באַלעבאָס פּנים און דאָס מויל זיינס וואַרפט אַרויס אַ וואָרט, ווי פון אַ פאַסטקע אַ געפּגרטע מויז:

— נ־נאַ־נאַ!

דאָס וואַרפט ער אַרויס די אַרבעטערס מאַנטלען, רעקלעך און היטלען, וואָס יענע האָבן קיין צייט ניט געהאַט פאַרכאַפּן מיט זיך, בעת מ'האָט זיי געשלאָגן און אַרויסגעוואָרפן.

ס'דוכט זיך אים איצט — ניט זיינע אַרבעטערס קליידער פליען דורכן פענצטער אין דרויסן אַרויס, נאָר זיי, די אַרבעטער גופא, שפּרינגען פונעם דריטן שטאָק צום האַרטן טראָטואַר. ער בויגט אַרונטער דעם קאָפּ, קוקט אויף די מענטשן, וואָס שטייען אונטן, און זיין פּנים צעלאַכט זיך מיט אַ געלעכטערל

פון אַ מאַניאַק. באַלד באַווייזט זיך אויך דער „טשיינימאַן" לעבן אים. ער וואַרפט אַרויס, דער „טשיינימאַן", אַ פּאָר מיידלשע אַלטע שטעקשיך און שרייט אויך נאָך, פּונקט ווי ער וואָלט זיך נאָכגעקרימט זיין באַלעבאָס:

— נ־נאַ!

אונטן, אַפּן טראָטואַר, גיבן זיך אַ פּאָר אַרבעטער אַ לאָז צו די אַרויס־געוואָרפענע זאַכן, קלייבן זיי צונויף און ווילן זיך שוין לאָזן נאָכיאָגן דעם „מאָלדראַוואַן" מיט די אַנדערע אַרבעטער, וואָס זייגען אַוועק אין דער יוניאָן. זיי בלייבן אָבער שטיין אַ ווײַלע, איינער פון זיי גיט אַ פּאָכע מיט דער האַנט צו די אַרומיקע, ווי אַ דיריגענט צו אַ כאָר — און אַ כוואַליע שווענקט אַראָפּ פונעם פענצטער דעם אַלטן באַלעבאָס מיסטער סיגלען אינאיינעם מיטן „טשיינימאַן". די כוואַליע הייבט זיך אַריבער די פענצטער, אַריבער די דעכער און צעגיסט זיך איבערן גאַרמענט־צענטער:

„בו־ו־ו־ו!"

## III

שפּעטער, אַז דער „מאָלדראַוואַן" מיט זיין חברה לויפט אַרויף מיט די שטיגן אין דער יוניאָן אַריין, איז אין גרויסן זאַל שטיל. ס'איז אַ שבתדיקער טאָג, קומען ווינציק אַרבעטער אין דער יוניאָן. מיט אַ לאַנג שוין ניט געגאָלטן פּנים זיצט איינער אַף אַ באַנק, האַלב אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט, די פּיס גאָר היימיש אַרויפגעלייגט אַף אַ בענקל און „שפּילט" עפּעס אויס מיט אַ שטיקל ציגאַר־פּאַפּיר אַף אַ קעמעלע, וואָס איז צוגעפּרעסט צו זיינע ליפּן. לעבן אים זיצט אַ יונג נעגעריש בחורל, קוקט אים גלייך אין די אויגן און פּאַטשט אונטער מיט די ליפּן צום טאַקט.

דאָס לערנט דער עלטערער אַרבעטער דעם יונגן בחורל „סטרייק־סטראַטעגיע". גיין אָן אַ ליד אַף דער פּיקעט־ליין, האַלט ער, איז ווי אָן פּיס. און אויב מ'זינגט ניט קיין לידער באַם פּיקעטן, איז דער סטרייק אַ פּאַר־לוירענער...

לאָזט טאַקע ניט אָפּ אַף אַ רגע דאָס נעגער־אינגל דעם ווייסן אַרבעטער און האַלט אים אין איין דערמאָנען, דעם חבר זיינעם „מוישן", ער זאָל אים אויסלערנען דאָס נייע לידל, וואָס מ'האָט ערשט נעכטן אינדערפרי געזונגען באַם פּיקעטן. ער פילט, אַז אויב ער קען ניט אָט־דאָס לידל — איז דער סטרייק אַ פאַרלוירענער; און אויב דער סטרייק איז אַ פאַרלוירענער, איז ער, דזשימי, שוין אַף אייביק אַ פאַרפאַלענער...

וואָרים ס'אַזוי:

אַז מ'איז אַראָפּ אין סטרייק בא דער „יונייטעד פראַקס", האָט ער, דזשימי, ניט געוואוסט צי אַ שיק־אינגל דאַרף אויך סטרייקן, צי ניט. ער האָט, ווי פריער פאַרן סטרייק, געהאַלטן אין איין ברענגען סחורה צום שניידן און אָפּפירן די פאַרטיקע קליידלעך. חוץ דעם איז דער עניַן „סטרייס" אין זיינע אויגן אויסגעקומען ווי עפּעס אַ שפּיל אין גענגס. ער האָט דווקא אויך געוואָלט זיין אין משהם גענג — האָט אָבער דער באַלעבאָס אים ניט געלאָזט...

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן זיך אָבער זיינע אַקציעס געהויבן:

זיין איצטיקער חבר, דער פרעסער משה, וואָס האָט שוין לאַנג „גע־אַרבעט" אַף דזשימין און אים געוואָלט „מאַכן פאַר אַ מענטשן", האָט אים איינמאָל אָפּגעשטעלט אינאיינעם מיט זיין פּושקאַרט פאַרטיקע קליידלעך און זיך נאָכגעפרעגט אַפּן באַלעבאָס, מיסטער צווירקינס, געזונט...

— סעי, דזשימי — האָט ער געוואָלט בא אים וויסן — מיסטער צווירקין איז נאָך אַלץ אַ טכויר?

דזשימי וואָלט געקענט שווערן, אַז זיין באַלעבאָס, מיסטער צווירקין, איז גאָר קיינמאָל קיין טכויר ניט געוועזן. פאַרקערט, אים דוכט זיך, אַז פון זיין באַלעבאָס שמעקט גאָר ווי פון אַ „דראָג־סטאָר". אַז אַ „סקאַטש" איז ער, דער באַלעבאָס זיינער, דאָס וועט דזשימי ניט לייקענען, אָבער אַ טכויר — דאָס ניט.

ער וויל שוין אַ שטופּ טאָן דאָס וועגעלע און פאַרלאָזן די סטרייקערס, וואָס האָבן אים דערוויל אַרומגערינגלט און באַטראַכט די פאַרטיקע קליידלעך. מיטאַמאָל דערמאָנט ער זיך, אַז דער באַלעבאָס האָט אים אָנגעזאָגט, ער זאָל זיך ניט אָפּשטעלן רעדן מיט דער „גענג" אונטן אין גאַס און זאָל זיי גאָרניט דערציילן. ס'פאַרדריסט אים גראָד איצט אַפּן „סקאַטש", וואָס ניט אים אינגאַנצן צען דאָלער אַ וואָך און וויל אים אפילו קיין איינציקן דאָלער ניט העכערן. אויב אַזוי, וועט ער שוין דעם „סקאַטש" אַף צו־להכעיס דווקא יאָ רעדן מיט דער „גענג":

— סעי, מויש, דו ווייסט ווער ס'אַרבעט אַף דיין אָרט?

— ווער?

— אָט דער רויטער, דער לאַנגער, וואָס שפּילט אַלעמאָל נעקסט־דאָר מיטן פרעסער אין קאָרטן.

— גאָו אָן, דזשימי, יו פולינ' מי! ווי קען ער איינער אַליין אויספרעסן אַזויפיל דרעסעס?

דזשימי באַקומט שיר ניט די ניכפּה. ער פּאַטשט זיך מיט ביידע הענט איבער די ליטקעס, שפּרינגט אַלעמאָל אונטער און פאַרגייט זיך אין אַ געלעכטערל, וואָס קומט בײַ אים אַרויס פון מויל ווי אַ ווידער־קול:

— אָ, מויש, מויש; ווייסט גאָרניט, אַז אין טען־אָ־סיקס און אין טען־אָ־פייוו מאַכט מען אונזערע דרעסעס? אָ, מויש, מויש! מיר האָט דער באָס אָנגעזאָגט, איך זאָל קיינעם ניט דערציילן וועגן דעם — אפילו ניט די אָפּעריטאָרס פון טען־אָ־סיקס און טען־אָ־פייוו...

— שור, דזשימי, זאָלסט קיינעם ניט דערציילן וועגן דעם.

און דערלאַנגענדיק אים אַ גוט־ברודערשן קלאַפּ אין פּלייצע:

— שור, דזשימי, אַלץ וואָס דו דערוויסט זיך קום גלייך אַהער און דערצייל נאָר מיר — ווייטער קיינעם ניט.

אַף מאָרגן אינדערפרי, ווען די אַרבעטער פון די צוויי שכנותדיקע שעפּער האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַרבעטן סקעב־אַרבעט און זיינען אַרונטער אין סטרייק, האָט דער באַלעבאָס, מיסטער צווירקין, ווי אַ צוגאָב ניט פאַרגעסן מיטשיקן מיט זיי דזשימין אויך — ס׳זאָל זיי זיין פרייליכער צו סטרייקן, אַפּנים...

דזשימין האָבן דעמאָלט אין דער יוניאָן חברה סטרייקער געוואָרפן אין דער לופטן און געשריען הורא מיט אַלערליי קולות. נאָר ער האָט גאָר געמיינט, אַז מ׳לאַכט אָפּ פון אים, פאַרוואָס ער קריכט אין אַ „ווייסער גענג״ און מ׳רעכנט זיך אָפּ מיט אים דערפאַר וואָס ער האָט מוישען דערציילט אַלץ און ניט געקענט האַלטן ס׳מויל. ער האָט זיך אָבער באַלד דערפילט היימיש אין דער יוניאָן; ער האָט זיך דערפילט כמעט ווי אַ גלייכער צווישן גלייכע. נאָך מער:

„קיינעם שאַרט מען ניט צו אַזוי דעם בעסטן ביסן ווי אים, דזשימין.״

אַז די סטרייקערס פון זיין שאַפּ לייגן זיך צונויף און קויפן אַ הערינג, אַ שטיק דאַרע קישקע און ברויט, נעמט מען בײַ אים קיינמאָל קיין געלט ניט און מ׳גיט אים נאָך דעם גרעסטן חלק; דערצו געפינט זיך אַלעמאָל בײַ אימיצן אַ באַנאַנע אָדער אַן עפּל, וואָס מען גיט אַוועק דזשימין, ער זאָל האָבן צו פאַרביסן...

צי אַ שטייגער נאָך אַ זאַך:

אַז דער באַלעבאָס, מיסטער צווירקין, איז נעכטן געקומען אין דער יוניאָן און שוין געוואָלט אַז אַלע זאָלן גיין צוריק אין שאַפּ אַריין, האָט דער „טשיף״ פון דער יוניאָן געהייסן דעם באַלעבאָס ער זאָל געבן דזשימין אַ העכערונג פון פיר דאָלער, אַנדערש וועט קיינער ניט גיין צוריק. דער באַלעבאָס איז

טאָקע אַוועק אַ צעקאָכטער און געשריִען, אַז ער וועט דזשימין אפילו אומזיסט ניט צוריקנעמען, אָבער דזשימי פאַלט באַ זיך ניט אַראָפּ. ער איז זיכער באַ זיך, אַז דער באַלעבאָס וועט נאָך קומען היינט אָדער צום שפּעטסטן מאָנטיק און נאָך בעטן דעם „טשיף" ער זאָל לאָזן דזשימין גיין אַרבעטן צו אים. דער „טשיף" אָבער, טראַכט ער, וועט קיין נאַר ניט דאַרפן זיין און הייסן דעם באַלעבאָס ער זאָל דזשימין געבן פינף דאָלער אַ העכערונג — ניט קיין פיר...

באַ אים, באַ דזשימין, קומט אויס אַזוי:

וואָס מער מיט אַ טאָג מ'סטרייקט, אַלץ מער דאַרף דער באַלעבאָס העכערן די שכירות. איז וואָס־זשע אַרט אים, אַז מ'וועט סטרייקן כאָטש נאָך צוויי וואָכן? דער באַלעבאָס וועט דאָך סיי־ווי באַצאָלן... דער עיקר דאַרף מען קענען וואָס מער לידער זינגען ווען מ'פּיקעט דעם שאָפּ — וועט מען שוין קריגן וויפיל מ'וויל...

איז איצט, ווען ער קען שוין כמעט אַלע לידער זינגען אי איינער אַליין, אי מיטן גאַנצן כאָר, וויל ער, אַז משה זאָל אים אויסלערנען אָט דאָס לידל, וואָס ער קען נאָך ניט אינגאַנצן גוט און דאָך איז דאָס אים שוין אַזוי איינגעבאַקן אין הארצן.

— סעי, מויש — זאָגט ער צו זיין חבר, וואָס שפּילט אַף אַ קעמעלע אַ האַלב־דרעמלענדיקער — פּלעי דאַט סאָנג, וואַטשיו קאָלעט — יוז פּיפּל 'נ אָם פּיפּל . . .

— וואַ? יו מין ניגראָ ען' ווייט יוניִיט ען' פייט? שור!

ער איז ניט פויל, משה, גיט אַ וויש אָפּ די ליפּן מיטן אַרבל אַזש פונעם אַקסל אָן, נעמט אַרויס, לכבוד דעם לידל אַפּנים, אַ פרישׁ שטיקל ציגאַר־פּאַפּיר און איז שוין גרייט אויסשפּילן און אויסזינגען אָט דאָס לידל. נאָר אַז ער לעקט אַרום מיט דער צונג די ליפּן און בלאָזט שוין אָן די באַקן, לויפט אַריין דער „מאָלדאַוואַן" מיט זיין חברה. משה גיט זיך דעמאָלט ראַפּטאָם אַ כאַפּ אויף פון דער באַנק, און דאָס בענקל אַף וועלכן ער האָט געהאַלטן ביז איצט די פיס קערט זיך איבער אינאיינעם מיט דער באַנק אין דער זעלבער צייט. ווי אַ געליימטער בלייבט ער אַזוי אַ ווײַלע שטיין. באַלד אָבער קומט ער צו זיך און ס'רייסט זיך באַ אים אַרויס אַ קול, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט פרייד און מיט נייגיר:

— סע פון דער „איגל ספּאָרטוועער"? שאַ, כ'האָב דאָך אייך דערקענט!

ער רייסט זיך אַפּ פון זיין אָרט מיט רעש, ווי אַ שטיק בלעך פון אַ דאַך, גיט זיך אַ יאָג צו איינעם פון די אָפּיס־פענצטערלעך און שרייט אַריין אַהין אינגאַנצן אַ צעשטראָלטער:

— עדי, די „קאָלאָמביאַ" איז דאָך געקומען צוריק! אַי שוד ליוו סאָ, אַליין געקומען צוריק!

פונעם פענצטערל לויפט ער צו צו אַ צווייטן צימער, גיט דאָרט אַן עפן ברייטלעך די טיר, ווי פאַר גאָר אָנגעלייגטע געסט, און הייבט אָן שרייען צו זיין חבר דזשימין, אַריינקוקנדיק אַלץ אין צימער, ווי ער, דזשימי, וואָלט געזעסן אין אָט דעם חדר און ניט הינטער אים אין דעם גרויסן זאַל:

— ברינג סאַם טשערס, דזשימי, האַרי־אַפּ!

ער וויל שוין אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט און אַריינרופן די ערשט־אַריינגעקומענע אַהער, נאָר עפּעס ווי פון זיך אַליין גיבן זיך זיינע אויגן אַ קוליע איבער און פון זיין האַלדז רייסט זיך אַרויס אַ מאָדנע קול:

— ט'איזי!

נאָכן „ט'איזי" הויבט ער אָן מאַכן מיט דער האַנט צו זיך צו, ווי ער וואָלט עמיצן גערופן פונעם צימערל אין זאַל אַריין, און קנייטשט אַזש אויס דאָס פאַרוואַקסענע פּנים זיינס פאַר פריידן:

— קוקט נאָר, קוקט! — שרייט ער אַריין אַהין — אייער גאַנצער שאַפּ איז דאָך דאָ, אַי שוד ליוו סאָ, ער איז דאָ!

ער קנייטשט נאָך מער אויס ס'פּנים און פאַרגייט זיך אין אַ גליקלעך געלעכטערל. אין חדרל גיט זיך דעמאָלט עפּעס האַסטיק אַ רודער און באַ דער אָפענער טיר וואַקסט אויס ראָזע.

איצט לייגן זיך שוין די קנייטשן אויס אַרום זיין מויל ווי שטראַלן אַרום אַ האַלב־אויפגייענדיקער זון, און די זון זיינע קירעוועט זיך אויס צו די נאָר־וואָס אַריינגעקומענע אַרבעטער און מאַניעט זיי אַהער־צו, צו דער טיר, וואו ראָזע שטייט און ווייסט נאָך אַלץ ניט וואָס זי זאָל טאָן מיט זיך.

ס'קומט איר אָבער באַלד צו הילף סערקע. פונעם עולם טיילט זיך אָפּ סערקע, הינקט צו צו ראָזען, כאַפּט זי אַרום און, ווי זיי וואָלטן זיך שוין יאָרן און יאָרן ניט געזען, הויבן זיי זיך אָן קושן...

## IV

לאַנג נעמט שוין ניט נאָכדעם. פונעם צימערל, וואו ראָזע איז ביז איצט געזעסן, ווערט אַ שפּיטאָל:

פֿלינקע מיידלשע פֿינגער באַנדאַזשירן איצט וועמען דעם קאָפּ, וועמען אַ האַנט און וועמען זיי וואַשן אַראָפּ פֿונעם פּנים די בלוט־פֿלעקן.

דעם שטערן אַרומגעבונדן און דאָס היטל אַרויפֿגערוקט אױפֿן שפּיץ קאָפּ, זעט איצט אויס דער „הערינגמאַן" נאָך העכער ווי ער איז. ער דרייט זיך אַן אומגעדולדיקער אױפֿן שטול, לאָזט קיינעם ניט רעדן און ציט משהן פֿאַר אַן אַרבל:

„ניין, זאָל מען ברענגען אַ שרייבער פֿונעם לינקן פֿייפֿער, זאָל ער זען, דער שרייבער, מיט די אייגענע אויגן זען, ווי מען טריט יוניע־מעמבערס. ס'אָרייט, מ'מעג פֿון אים אַ פּיקטשע נעמען, זאָל טאַקע די גאַנצע וועלט וויסן."

„צו וואָס זאָל מען ברענגען אַ שרייבער אַהער? ס'איז שוין דאָ אַ שרייבער. ער, משה, איז אַ שרייבער. וואָס־זשע, ער גלויבט ניט, דער חבר? וואָס קוקט ער אַזוי אױף אים? אַז מ'זאָגט אים אַ שרייבער, איז אַ שרייבער! ער קאָן אים שוין ווייזן, אַז ער בלאָפֿט ניט."

ער שלעפּט אַרויס פֿלינק אַ צייטונג פֿון דער קעשענע, גיט זי אַ צעלייג באַם „הערינגמאַן" אױף די קני און ווייזט מיט אַ פֿינגער אין דער צייטונג:

— נאַט, לייענט: „וואָס אַ סטרייקער פֿון דער יוניטעד פּראָקס דער־ציילט." ס'מיין אַרטיקל, אי שוד ליוו סאָ. משה שקאָלניק הייס איך, אי שוד ליוו סאָ. אָט האָט איר אונטן מיין נאָמען: „משה שקאָלניק" — וועל?

דעם הערינגמאַן קען ער אָבער ניט איבעררײַשן:

— ניין, אַ רעגעלן שרייבער וויל איך.

משה בלייבט אַ געפּלעפּטער. זיינע שרייבערישע געפֿילן ווערן איצט באַליידיקט. ער בלייבט אױף אַ רגע אין אַ פֿאַרלעגנהייט און ווייסט אים ניט וואָס צו ענטפֿערן. ער פֿילט, אַז ער מוז צוריקגעווינען זיין „שרייבערשן פּרעסטיזש". אַ ווײַלע פֿינטלט ער מיט די וויעס, מאַכט אָבער באַלד אַ שטרענג פּנים און צעפּאָכעט זיך מיט די הענט:

— ווייסט איר וואָס לעניין האָט געזאָגט?

וואָס לעניין האָט אַזוינס געזאָגט, ווייסט ער אַליין אויך ניט קלאָר, אָבער אַז ער האָט גאָר אַ גוטע זאַך געזאָגט — דאָס איז ער זיכער. ער שטעלט זיך אַוועק אין אַן אַרויסרופֿנדיקער פּאָזע און וואַרט דער „הערינגמאַן" זאָל אים ענטפֿערן אױף זיין פֿראַגע. לאַנג וואַרט ער אָבער ניט. ער כאַפּט אַראָפּ מיט איין האַנט די צייטונג פֿון יענעמס קני און מיט דער צווייטער טרייסלט ער לאַנגזאַם מיט דער דלאָניע נאָך יעדן וואָרט, וואָס ער רעדט אַרויס:

— לענין האָט געזאָגט: יעדער ארבעטער דאַרף זיין אַן ארבקאָר! — וועל?

דער „הערינגמאַן" פאַרשטייט אָבער ניט דאָס וואָרט „ארבקאָר", וואָס קלינגט אין זיינע אויערן ווי תרגום־לשון. ער הויבט זיך אויף פון זיין בענקל, נעמט בא משהן די ציימונג, גיט אַ זוך מיט זיין לאַנגער נאָז אין די אינע־וויניקסטע בלעטער און צעשמייכלט זיך:

— אַ לינקער פּייפּער בלייבט אַ לינקער פּייפּער.

און אריינרוקנדיק די ציימונג צוריק אין משהס הענט:

— וואָס־זשע, לאַנדסמאַן, פון קיין ראָמאַנען האָלט מען גאָרניט בא אייך אין פּייפּער?

אַ ביקסן־קויל אין האַרצן וואָלט אַזוי ניט ווי געטאָן משהן, ווי דעם „הערינגמאַנס" פראַגע. ער שפּרינגט אַזש אויף פון גרויס אויפרעגונג, כאַפּט אָן די „נבלה" בא דער פּלייצע און שטופּט אים צום „הערינגמאַן":

— ניין, חבר, דערקלערט איר אים שוין, איך קען מיטן מאַן ניט רעדן!

די „נבלה", וואָס האָט באַקומען גרוים אָפּשיי פאַר משהן, דערהערנדיק אַז ער איז אַ שרייבער, וואָלט גערן געפאָלגט משהן, נאָר ווי אַזוי — ווייסט ער אויך ניט. ער וויל פונדעסטוועגן אָנהייבן רעדן, „דערקלערן" דעם „הערינגמאַן", נאָר דעמאָלט קומט שוין אריין מיט אַ פּאַפּיר אין האַנט דער זעלבער ביזנעס־איידזשענט, וואָס איז מיט זיי דאָ נעכטן געזעסן.

דאָס פּנים זיינס, דעם ביזנעס־איידזשענטס, זעט אוים מיד, נאָר די ליפּן בא אים שמייכלען דאָך. צום שמייכל פון די ליפּן קומען באַלד צו הילף די גרויליעבע בלויע אויגן. ער זעצט זיך אוועק באַם טיש און גיט אַ פּאָר מאָל אַ קלאַפּ מיטן בלייפעדער אָן אַ גראָבן בוך, וואָס ליגט אין מיטן טיש:

— אָ'רייט, חברים, ווער ס'איז ניט פון „קאָלאָמביאַ", זאָל ארויסגיין.

משה, וואָס איז שוין כמעט דער איינציקער זייטיקער דאָ אין צימער, גיט אַ טאָרע דזשימין און ווייזט אים מיטן גראָבן פינגער ער זאָל אים נאָכגיין אין זאַל אריין. ווי נעכטן, פאַרשרייבט דער ביזנעס־איידזשענט צו־ערשט די נעמען און נאָכדעם בעט ער מ'זאָל אים דערציילן, וואָס ס'איז היינט פאָר־געקומען אין שאַפּ.

דער „הערינגמאַן", וואָס זיצט נאָענט לעבן טיש, שטעלט זיך אויף דער ערשטער. ער שנייצט אוים די נאָז פונקט אין פּאַפּיר־קאָרב און הייבט אָן רעדן, קוקנדיק אַלץ ארונטער:

— הייסט עס, איז אַזוי: מיר זיינען ניט קיין לינקע און ניט קיין

רעכטע. מיר זיינען פּליינע אַרבעטער, וואָס טרייען, ווי זאָגט מען, מאַכן אַ לעבן. אָפּקאָס ווייסן מיר — ער מאַכט צו די אויגן און פאַרדרייסט אַ ביסל דעם קאָפּ — אָפּקאָס ווייסן מיר, אַז די לינקע זיינען סטרעיטע מענטשן און וואָס זיי טוען, טוען זיי פאַרן אַרבעטער.

ער עפנט אויף איין אויג, מאַכט אַ ביינעלע פונעם צייג־פינגער מיטן גראָבן פינגער פון דער רעכטער האַנט און דרייט מיט אָט דער האַנט, ווי ער וואָלט מיט אַ נאָדל גענייט די לופט:

— כ'אָלט אָבער געוואָלט ווייסן, ברודער, אָדער ווי זאָגט איר דאָרט, חבר דעליגאַט, צי האָבן מיר אַ טשענס אַז די באָסעס אַסאָסיאיישאָן זאָל אונז אָנערקענען ווען מיר סטרייקן מיט אייך, צי ניט? מיינט ניט — גיט ער אַ פיר מיט דער צווייטער האַנט אין אַלע פיר ווינקלען פונעם צימער — מיינט ניט, אַז מיר טראָסטן אייך ניט, אָדער מיר האָבן דערביי אַזוי אַ שלעכטן מיין. ניין, ברודער, אָדער ווי זאָגט מען בא אייך, חבר דעליגאַט, ניין, מיר זיינען פּליינע אַרבעטורער און וואָס מיר זאָגן מיינען מיר. איצט, ברודער דעליגאַט, האָב איך דערוויילט געפינישט, אַנדערע ברידער וועלן נאָך אודאי אַרויסזאָגן זייער מיין און מאַכן פּראָפּאָזישאָנס, וועל איך נאָך אויך אפשר שפּעטער נעמען דאָס וואָרט. וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין שאָפּ וועט אייך שוין עקספּליינען ברודער סעם ע־ע־ע, ברודער סעם . . . אָ'רייט, זאָל זיין „מאָלדאַוואַן״, מיר זיינען ניט עדזשוקייטעט, מעגן מיר רעדן פּליין.

ברודער סעם, דער „מאָלדאַוואַן״, פאַר וועמען ס'שטייט נאָך אַלץ דער „הערינגמאַן״ און פאַרשטעלט אים אינגאַנצן, ציט דעם „הערינגמאַן״ הינטן באַם רעקל, ער זאָל זיך שוין אַמאָל אַוועקזעצן, און הוסט זיך דערווייל אויס. אַז דער „מאָלדאַוואַן״ שטעלט זיך אויף און ווייל אָנהויבן רעדן, בעט אים דער ביזנעס־איידזשענט ער זאָל צוזוואַרטן אַ מינוט, ווייל ער, דער ביזנעס־איידזשענט, ווייל „צורעכט מאַכן אַ זאַך, וואָס זיי האָבן אַלע פאַרזען״:

— איך דענק, חברים — זאָגט ער מיט אַ שמייכעלע — איך דענק, אַז ס'איז ניט ריכטיק פון אונזער זייט, וואָס מיר רעדן אַלע אידיש און ניט קיין ענגליש. חבר סאַלוואַטאָרי פּאַלעסינאָ איז דאָך אויך אַן אַרבעטער פון אייער שאָפּ, דאַרף ער אויך ווייסן וואָס מיר רעדן.

חבר סאַלוואַטאָרי פּאַלעסינאָ, דאָס איטאַליענערל, גיט זיך האַסטיק אַ וואָרף אָפּ זיין אָרט און הויבט אָן מאַכן מיט די הענטלעך פאַרן פּנים, ווי ער וואָלט אָן איינגעגעסענע פליג אָפּגעטריבן פון זיך:

— פּאַרשטיי, פּאַרשטיי!

אַף זיין לשון מיינט דאָס:

„אדרבא, פּרואווט רעדן ענגליש, וועל איך טאַקע קיין וואָרט ניט פאַר־שטיין. ניין, מוחל די טובה, רעדט שוין בעסער אידיש.״

נאָכן „מאָלדאוואַן״ נעמט דאָס וואָרט די „נבלה״. נאָר נאָך איידער ער רעדט אַרויס דאָס ערשטע וואָרט, פאַרלירט ער זיך. ער דערפילט אַף זיך ראָזעס בליקן און וויל רעדן שענער פון אַלעמען — ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ מענטשן אַן אינטעליגענט — ס׳גייט אָבער ניט. הילפלאָז ווי אַ קינד גראָבט ער מיט די הענט אין די הויזן־קעשענעס, פינטלט מיט די וויעס און איז שוין באַלד, דוכט זיך, גרייט זיך צעוויינען. נאָר אָט גיט די צונג זיינע אַ פּאָר מאָל אַ לעק די מויל־ווינקלען און ניט קיין געבעטענע ווערטער טאַנצן אַרויף אַף זיינע ליפּן און פון די ליפּן גליטשן זיי זיך אַרויס אַף דער לופט און שפּרינגען אַרויף צום ביזנעס־איידזשענט גלייך אַפן טיש:

„אייגנטלעך וואָלט ער געוואָלט וויסן, וואָס איז דער צוועק און וואָס איז די צוקונפט פון אַ לינקער יוניאָן? אָבוואָל ער, אייבערהעם צוקער, איז אַן אינטעליגענטער מענטש און וואָלט גאָרניט באַדאַרפט שטעלן אַזעלכע פראַגן, ווייל אַזעלכע פראַגן זיינען שוין זעלבסטפאַרשטענדלעך באַם היינטיקן טאָג פאַר אַלעמען גלייך, וועט ער זיך אָבער מיט דער דערלויבעניש פונעם פאָרזיצער זיך אָפּשטעלן אַף צוויי וויכטיקע קאַטעגאָרישע פונקטן, וואָס זיינען פונקטן אַן און פאַר זיך. די ערשטע זאַך וואָלט ער געוואָלט וויסן, צי קען מען זיין אַ נאַציאָנאַל־געזאָנענער איד און אין דער זעלבער צייט אַ גוטער קאָמוניסט? און וואָס איז דער דיפערענץ פון אַ סאָציאַליסטישער יוניאָן ביז אַ קאָמוניסטישער? ער האָפט, אָפקאָס, אַז דער פאָרזיצער האָט פאַרשטאַנען יעדן וואָרט וואָס ער האָט דאָ געזאָגט און וועט אים ענטפערן קלאָר און אינטעליגענט אַף יעדער פראַגע, וואָס ער האָט געשטעלט...״

טראָפּנס שווייס באַזעצן דער „נבלהס״ שטערן און שימערירן אַנטקעגן דעם עלעקטרישן לאָמפּ, ווי טוי אין אַ זוניקן פרימאָרגן. זיינע ליפּן ווערן גיך טרוקן און אין האַלדז קומען אַלעמאָל צו נאָך ווערטער, וואָס שטופּן זיך צו דער צונג צו. ער פילט, אַז זיינע ווערטער האָבן ניט קיין זין און וואָגלען אַרום פון זיין מויל ווי געבוירענע קיילעכדיקע יתומים, וואָס קערן זיך מיט קיינעם ניט אָן. עפּעס אַ וואָרט אַ קלוגס, אַ וואָרט אַ ממזרל שפּרינגט אַרויף אַף זיין צונג, גליטשט זיך אַראָפּ פון דאָרט און ראַטעוועט אים: „דאַצאָל.״

מיט אָט דער דרשה האָט ער אָפּגעשלאָגן דעם חשק באַ די אַנדערע אַר־

בעטער צו רעדן. זיי האָבן מורא, ס׳זאָל מיט זיי אויך ניט טרעפן דער זעלבער אומגליק. וויפיל דער ביזנעס־איידזשענט פּרואווט זיי ניט מאַכן רעדעוודיק — געלינגט אים ניט. ער ווענדט זיינע בליקן צו גראָסן, וואָס זיצט אין אַ ווינקל אַ דערשלאָגענער, און וויל אַז ער, גראָס, זאָל אויך עפּעס זאָגן:

„נו, אפשר וועט ער, חבר גראָס, עפּעס זאָגן? ער איז דאָך דער טשער־מאַן פון שאַפּ, האָט ער דאָך אודאי וואָס צו דערציילן.״

ניין, ער האָט אים גאָרניט וואָס צו זאָגן, גראָס — ער האָט שוין זיינס אָפּגעזאָגט. זאָלן שוין אַנדערע רעדן — ער וועט בעסער שווייגן.

סוף־כל־סוף גיט דער „הערינגמאַן״ אַ הוסט אין פויסט און הייבט אָן רעדן פון דאָס ניי זיצנדיקערהייט:

— רעדן האָב איך שוין, הייסט עס, ברודער דעליגאַט, גערעדט, נאָר אַז אַלע שווייגן וועל איך נאָכאַמאָל רעדן. קיין לאַנגע ספּיטשעס, ווי מ׳זאָגט, קען איך ניט האַלטן און קיין שיינע ספּיטשעס אודאי ניט. וועל איך עס מאַכן אין קורצן, ווי ס׳פּלעגט זאָגן מיינער אַ קעשינעווער באַלעבאָס: „כ׳על עס מאַכן אין קערצן, ס׳אָל געדאַווערן אַ שו פערצן.״ כ׳אָלט געוואָלט וויסן, וויפיל קאָסט דאָ אַ ביכל, אין דער יוניע הייסט עס, און צי קריגט מען סטרייק־בענעפיט ווען מ׳סטרייקט? האָבן מיר איינס אַוועק. צווייטנס, וואָלט איך געוואָלט, איר זאָלט אונז דאָ אַלעמען עקספּליינען, אַף וואָס פאַר אַ קאָנדישאָנס מ׳סטרייקט און ווי אַזוי סעטלט מען באַ אייך סטרייקס. האָב איך געפינישט, ברודער דעליגאַט, און דערוויילע דאַצאָל.

באַם ענדיקן קוקט ער זיך אַרום, שטעלט אָן די בליקן אַף די אַרבעטער און זיינע אויגן פרעגן:

„דוכט זיך, אַלץ געזאָגט, האַ?״

מיט די אויגן, מיטן צושאָקלען מיט די קעפּ און מיט שמייכלען לאָזט אים דער עולם וויסן, אַז, דוכט זיך, יאָ, ער האָט אַלץ געזאָגט.

דעם ביזנעס־איידזשענט איז אָבער קאַרג, ער וויל נאָך עמיצער זאָל רעדן. נאָר אַז ער דערזעט, אַז קיינער פון זיי וועט שוין היינט ניט רעדן, נעמט ער דאָס פּאַפּיר אין האַנט, שטעלט זיך אויף און מאַכט, דוכט זיך, ליכטיקער דאָ אין צימער מיט זיינע רייד.

מיט אויפגעעפנטע מיילער, איינקע מיט צוגעמאַכטע אויגן, הערן די אַרבעטער זיך צו צו אים; זיי שאָקלען אָפּט צו מיט די קעפּ, ווי זיי וואָלטן באַשטעטיקט יעדעס וואָרט, וואָס ער זאָגט, און קוקן זיך איבער פון צייט צו צייט.

אַף זייער לשון מיינט עס:

„אַ פּיסק דאָס האָט!"

„די צונג איז בא אים ניט אין גלות; ר'איז שוין איינמאָל אָ'רייט!"

און ער, דער ביזנעס־איידזשענט, וואָס איז „ניט קיין באַצאָלטער באַאמטער" און איז אַליין אויך אַן אַרבעטער, פאַרגעסט, אַז אין די אויגן פון די, פאַר וועמען ער רעדט, איז ער ניט קיין אַרבעטער, נאָר אַ „באַאמטער". ער ענטפערט זיי מיט זייערע אייגענע רייד, מיט זייערע אייגענע העוויות, אָט די אַלע פראַגן, וואָס זיי האָבן געפרעגט אַף זייער ניט־געהויבלטער, פאַרפלאָנטערטער שפּראַך.

צום סוף, ווען אַלץ איז שוין פאַרענטפערט מיט גאָר אַ גרויסן צוגאָב דערצו, און מ'קלייבט שוין אַ „קעפּטן" פאַר דער פּיקעט־ליין און אַנדערע סטרייק־„באַאמטע", דערציילט ער זיי, אַז דזשאָון וועט מען אפשר מאָנטיק ארויסלאָזן פון טורמע, אויב די יוניאָן וועט נאָר קריגן „בעיל". ער זאָגט זיי אויך צו, אַז מאָנטיק וועלן קומען אַ סך אַרבעטער זיי העלפן פּיקעטן און ער, דער ביזנעס־איידזשענט, וועט פירן די פּיקעט־ליין.

צופרידענע פון זיינע רייד, שטופּן זיך נאָכדעם די אַרבעטער אַרום אים און יעדער באַזונדער שטעלט אים ערשט אַ פראַגע. דאָס איטאַליענערל טאַנצט אַרום אים ווי אַ פאַרליבטער אַרום זיין געליבטער, קלאַפּט אים אַלע ווײַלע אין פּלייצע און שרייט מיט אַ קינדערש געלעכטערל:

„קאַווער, קאַווער!"

ס'געפעלט אים זייער דאָס וואָרט „חבר". פון גרויס באַגייסטערונג לאַדט ער איין די אַרבעטער, דעם ביזנעס־איידזשענט און אפילו משהן מיט דזשימין, וואָס זיינען שוין ווידער אַמאָל דאָ אין צימער, צו זיך אַהיים אַף אַ „פּאַדי". ער וויל מ'זאָל שוין גיין, מ'זאָל גאָרניט וואַרטן און שוין פאָרן צו אים אַהיים. זיין ווייב, זאָגט ער זיי צו, וועט פאַר זיי מאַכן אַ מאָלצייט פון דער בעסטער ספּאַגעטי, און ווין וועט ער זיי געבן — העכער פון אים, סאָל־וואַטאָרין אַליין; ער ווייזט זיי דערביי מיט דער האַנט אַריבער זיין אייגענעם קאָפּ. זאָל דער „קאַווער" דעלעגאַט אָפּלייגן אַלע אַרבעטן און שוין פאָרן צו זיין „פּאַדי"...

אין דרויסן, ווען מ'גייט שוין אַהיים, שטייט ער נאָך אַלץ ניט אָפּ פון זיי. ער הייבט אויף אַ ווערבע־צווייגל, וואָס וואַלגערט זיך אַפן טראָטואַר, אין אָט דער גאַס, וואָס שטעלט צו בלומען פאַר פּאַרק עווניו, רוקט אַריין דאָס צווייגעלע אין אַ שלייף פון זיין מאַנטל־לאַץ און בעט זיך בא די אַר־

בעטער זיי זאָלן אים פאַרט טאָן די גרויסע טובה און גיין צו אים עסן
ספּאַגעטי.

ווי גאָר־גאָר אַלטע באַקאַנטע, גייט איצט משה מיטן לאַנגן „הערינגמאַן",
פאַררייסט דעם קאָפּ צו אים און גיט אים צו פאַרשטיין:

„ניין, פאַרוואָס זאָל ער טאַקע, דער חבר לואי הוראָוויץ, ניט ווערן אַ
מעמבער אין זיין קלוב? אַז ווי באַלד ער וואוינט אויך אין בראָנקס־פּאַרק,
זעט ער, משה, ניט איין דעם שׂכל דערפון, פאַרוואָס ער וויל ניט ווערן אַ
מעמבער מיט אים אין איין קלוב. שאַ, אויב ער וויל קען ער באַלאַנגען מיט
אים אין איין ברענטש אינעם אָרדן. ס'אַרייט, ער דאַרף זיך נאָך, דער חבר
הוראָוויץ, פּלענטי לערנען, ער זאָל ווערן אַזאַ באַוואוסטזיניקער אַרבעטער ווי
ער, משה. איז וואו־זשע לערנט מען זיך, אויב ניט אין קלוב, אין ברענטש,
צי אין דער יוניאָן, האַ?!"

און כדי בעסער ווירקן אַף אים, וויל ער אים שוין אַ „ציטיר" טאָן
לענינען און אים דערווייזן, אַז ער, משה, איז אינגאַנצן גערעכט — פונעם
אָנהויב ביזן סוף. ער כאַפּט זיך אָבער, אַז פאַר זיינע „ציטאַטן" האָט ער
שוין ניט איין מאָל געכאַפּט אַ פּסק פון די חברים און נוצט דערפאַר אַן
אַנדער מיטל.

באַ אים הייסט דאָס:

„אַ צוקער־לעקעכל."

— טאַקע, וואָס אַרט אים, אַז ער וועט באַלאַנגען צו אַ רעוואָלוציאָ־
נערער אָרגאַניזיישאָן? אָט האָט ער, משה, שוין צוויי מאָל געוואונען די
„פּרייהייט"־פאָן פאַר זיין קלוב, און דער קלוב האָט אים דערפאַר געשיקט
אַף צוויי וואָכן וואַקיישאָן אין קעמפּ אַריין. צי אַשטייגער איצט, אויב נאָר
ער געווינט די פאָן פון דער עף. עס. יו. — טסס, זאָל ער וואַרטן, וועט ער
אים באַלד דערקלערן וואָס „עף. עס. יו." מיינט — איז זאָל ער נאָר געווינען
די פאָן, פאַרט ער זיך ווי אַ פּריץ פאַר אַ דעלעגאַט קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד.
ס'אַרייט, ער מעג אים גלויבן, דער חבר, ס'לוינט זיך שוין איינמאָל צו זיין
אַ מעמבער אין איינער פון די אָרגאַניזיישאָנס!

הינטער משהן מיטן „הערינגמאַן" גייט ראָזע מיט סערקען. און לעבן
יעדער איינער פון זיי שפּאַנט אַ „קאַוואַליער". די „נבלה" אין ראָזעס זייט
און דער „מאַלדאַוואַן" געאָרעמט מיט סערקען. די „נבלה" האַקט אונטער
צו ביסלעך שקרים און ווייזט ראָזען מיט די הענט, מיטן פּנים און מיט אַלע

אברים, ווי געלונגען ער האָט געשלאָגן גענגסטערס... אים גייט איצט אין לעבן זיך אויספּיינען פאַר ראָזען מיט זיין מאַנצבילשער גבורה.

אפן ראָג, אונטערן עלעווייטער, ווען די ארבעטער הייבן זיך שוין אָן געזעגענען, דערזעען זיי ערשט, אַז גראָס איז צווישן זיי ניטאָ.

דעמאָלט שטייט שוין גאָר גראָס אין אַ טעלעפאָן־בודקעלע. ער האַלט נערוועז איין טעלעפאָן־טרייבל באַם אויער און שרייט אַריין אין צוויטן, זיך אומקוקנדיק אַלע ווײַלע צו דער גלעזערנער טיר פונעם בודקעלע:

— אַלאָ, יע, ס'איז מיסטער רובין? יע, ס'איך, גראָס. יע, וואָס? באַ די לינקע. דער „מאָלדאַוואַן" האָט אונז אהין פאַרשלעפּט. זיי גייען דאָך סטרייקן, מיסטער רובין! יע, אַלע, אפילו דער לאָקש. האַ, וואָס? וואָס־זשע זאָל איך איצטער טאָן, מיסטער רובין? כע־כע! שוין ניט פאַר מיינע כחות, שוין ניט קיין באָיטשיקל, כע־כע! דזשאָסט אַ מינוט, איך הער ניט! יע, דורכן גאַראַדזש, זאָגט איר, זאָל איך אַריינקומען? דיינקס, דיינקס, מיסטער רובין. אַ טיר, וואָס פירט צום פּרעיט־עלעווייטאָר? דיינקס, מיסטער רובין! יע? יע, מאַנטיק האָבן זיי באַשלאָסן. נאָ, כ'וויים ניט. גוד־באַי!

ניו־יאָרק, 1932.

# אַפֿן ניכטערן האַרצן

איצט, אינעם כמורנעם סוף־זומערדיקן פרימאָרגן, ווען די זון גרייט אויס לעבער אין די כמאַרעס און דערציילט דער שטאָט, אַז אייסיך, דער זומער איז נאָך ניט אַריבער; אייסיך, ס'וועלן נאָך זיין געגוג שיינע זומער־דיקע טעג; איצט, אין אַ פרימאָרגן אַזאַ, שטייט ער, סעם, אין אַ ברודיק איסט־סיידער געסל, רייבט זיך מיט דער דלאָניע זיין קורצע פּאַרריסענע נאָז און האַלט אין איין חידושן זיך:

„אַמעריקע־גנב, צוויי אירע שוויצן איבער אַ בייבי־קערידזש! טפו!"

און אין אַ ווײַלע אַרום:

„אַ בראָך צו קאָלאָמבוסן! אַזאַ פּיצל אייז־באַקסל שלעפּן צוויי לייטע! נו־נו!"

אים, דעם דורותדיקן בינדיוזשניק, דעם היגן עקספּרעסמאַן, איז ביז גאָר טשיקאַווע דער אופן, ווי מ'טראָגט אַרויס פון אַ הויז אַלטע פון שאַשעל דורכגעפּרעסענע מעבל. ס'באַפאַלט אים מיטאַמאָל אַ גוואַלדיקער האַס צו אָט־די מענטשן, וואָס שוויצן אַצינד טראָגנדיק דאָס מעבל פון אַ פינף־שטאָקיקן הויז:

„סקאָנקס, קריכן אין פרעמדע טריידס און נעמען צו יענעמס דזשאָב!"

ניין, ער'ט שוין גיין אַ ביסל שפּעטער צו זיין שוואָגער מאָריסן, זיין באַלעבאָס, בעטן בײַ אים צוריק דעם דזשאָב. ער'ט בעסער צוגיין צום הויז אַ קוק טאָן אַף די „גרויסע פּאַרדינער".

שוין לעבן הויז בלייבט ער נאָך מער געפּלעפּט:

„קוק נאָר, קוק! מ'שטעלט די פּאָניטשע אַפן סיידוואָק און קיין טראָק איז גאָר ניטאָ!"

איצט ערשט דערזעט ער, ווי איבערן טראָטואַר און אַפן ברוק ליגן הפקרדיק אָנגעוואָרפן הורבעס הויז־באַלעבאַטישקייטן, ווי צונויפגעקערטע קופּעס מיסט. גלעזער, לעפל, גאָפּלען און מעסערס ליגן אין קיילעכדיקע קוישן און בלישטשען אַנטקעגן דער זון. צעשרויפטע בעטן, טישן מיט אויסגע־דרייטע פיסלעך שטייען אַף די טראָטואַרן און ברוקן און ס'ליגן אַף זיי

אָנגעוואָרפן קליידלעך, קאַפּעליושן, הויזן און אַן אַ שיר קישנס. אויף אַ טיש אַזאַ זיצט טיף אין אַ קישן אַ קליין מיידעלע און וויינט. איןביידע הענטלעך האַלט דאָס מיידעלע אַ פּליושן בערעלע און ווישט זיך מיט דעם דאָס פאַר־וויינטע פּנימל.

אינמיטן גאַס, אויף אַ קויטיקן מאַטראַץ, זיצט אַ אידענע צונויפגעלייגט די פיס אונטער זיך און שרייט, צום אַרומיקן עולם אַפּנים, מ׳זאָל זי ניט טשעפּען. אַט־אַ־דאַ־אַ, שרייט זי, וועט זי בלייבן, זאָל מען זי דערהרגענען, זאָל מען זי אַט־דאַ־אַ באַגראָבן — זי׳ט פון דאַנען ניט אַוועקגיין. פאַריטש מיט איר זיצט אַ קעצל איינגעקאָרטשעט ווי איר באַלעבאָסטע און זשמורעט אירע גרינע אויגן קעגן דער זון. אַז די אידענע דערזעט דאָס קעצל, גיט זי עס אַ שטויס פון זיך מיטן עלנבויגן און שרייט אָן אויף דעם, ווי דאָס קעצל וואָלט געווען שולדיק אין איר גאַנצן אומגליק:

— גראָרעהיר!

ניט ווייט פון איר, לעבן אַ ווייסן אייז־באָקס, שטייט אַ דאַר אידל מיט אַ סיווע קיילעכדיק בערדל און דאַוונט. די אויגן פאַרמאַכט, שטייט ער און שאָקלט זיך זייער געשווינד. אין די הענט האַלט ער אַ סידורל, קוקט אַהין אַריין פון צייט צו צייט מיט אַ האַלב־אָפן אייגל, און נאָך יעדן אַריינקוקן אַהין פאַרקרימט ער אַזוי רחמנותדיק דאָס פּנים, אַז ס׳באַקומט אים אַזש אַליין ניט דאָס אַריינקוקן. נאָר אָט עפנט ער פּלוצים אויף ביידע אויגן מיט־אַמאָל, ער גיט אַ האַסטיקן קוק אַריין אין סידור און פאַרקרימט שוין איצט דאָס פּנים, ווי ער וואָלט דאָרט דערזען אַ פליג אָפּטאָן אַ מיאוס שטיקל אַרבעט אָפן סאַמע הייליקסטן אָרט.

אין דער מינוט פאַררייסט ער די אויגן צום אַנטקעגנדיקן הויז און הייבט אָן פאָכען מיט די הענט, ווייזנדיק אויף זיך, אָפן הימל און נאָך מער אויף דעם הויז. ער שפּרינגט אַזש אונטער, מאַכנדיק דערביי אַלערליי העוויות, און רעדט אויף אַ לשון, וואָס מ׳נוצט נאָר אין דאַווענען:

„הי־אַ, היתכון? הי־אַ, בני רחמנים?!”

באַם „בני רחמנים” צעהיצט ער זיך שוין גאָר. ער האַלט אין איין „הי־אָקען” און דערציילט אויף אָט דעם לשון, אַז ער, דער דאָרער איד, איז ניט שולדיק, וואָס ער דאַוונט היינט אָן תפילין — ס׳איז אינגאַנצן דאָס אַנטקעגנדיקע הויז שולדיק. „הי־אַ” וועט ניט שווייגן, „הי־אַ” וועט זיך אָננעמען פאַר אים און שטראָפן דאָס הויז.

דאָס ווייב זיינע, וואָס שטייט אָנגעבויגן לעבן אים און לייגט צונויף אין

אַ הילצערן קעסטל טעלער און שיסלען, פֿאַרלאָזט זיך אַפּנים ניט אינגאַנצן אַף „הי־האָען". זי דרייט זיך אוים מיט דער פּלייצע צום הויז, בויגט זיך נאָך מער איין און ווייזט דעם הויז, אַז אָט דאָס וועט זי געבן רענט — אַ דין ציצן קליידל, דורך וועלכן ס׳זעען זיך אַרוים ווייבערשע ראָזעווע מאַיטקעס.

אינעם אַנטקעגנדיקן הויז, אַפֿן ערשטן שטאָק, איינגעוויקלט אין אַ טלית, גיט אַלעמאָל אַ אידל מיט אַ נעבעכדיק־הייליק פּנים אַ וויש די שויבן מיט די שפּיץ פינגער און טוליעט צו צום פֿענצטער דעם של ראש, וואָס רייט אַף זיין היפּשן שטערן. דער טלית און דאָס אידל זיינען ברודיק און געל, ווי זיי וואָלטן ביידע יאָרנלאַנג געהאַלטן אין איין שמעקן טאַבעקע.

פונדעסטוועגן וועט אַ מענטש מיט אַ גענייט אויג באַלד דערזען, אַז אַפֿן נעבעכדיקן אידן איז אַ קליינער רחמנות. פֿאַרקערט, אַ מענטש מיט אַ געזונטן חוש הריח וועט באַלד דערשפּירן, אַז דאָס ברודיק אידל איז דוקא אַ טשעפּקע מענטשל, אַז ווינטער טראָגט ער אודאי אַ טכוירן טולופּל, און אָנבייסן עסט ער אַלע טאָג צו דער צייט. מ׳קען זיך אַפילו אָנשטויסן, אַז גאָטס נאָמען פֿאַרלאָזט ניט זיינע ליפּן, און אַז נאָך אַ זאַטן מאָלצייט האָט ער ליב כאַפּן אַ דרימל און האַלטן אין איין אָפּטרייבן פון זיך שלעכטע מחשבות.

איצט, ווען ער דערזעט ווי זיין פרומער שכן, וואָס דאַוונט אין דרויסן, שרעקט אים מיט גאָטס צאָרן, און ווי זיין שכנס ווייב ווייזט אים, דעם לענד־לאָרד, דעם הינטן, פֿאַרקלעמט אים אַזש פון גרוים עגמת נפש באָם האַרצן. אַף דער מינוט איז ער גרייט אַפילו דאַווענען אַ גאַנצן טאָג און בעטן באַ גאָט, ער זאָל די אָרעמע אידן, נעבעך, אויך באַגליקן מיט עשירות. און ווייל ער האַלט דעמאָלט פּונקט באַ „קריאת שמע", כאַפּט ער אָן אַ פּאָלע פונעם טלית, טוליעט צו די האַנט מיט דער פּאָלע צו די אויגן און שרייט אוים מיט אַ קול, וואָס איז פול מיט געבעט:

„שמאַ איסראָאייל אַדוינוי עלויאיינו אַדוינוי עכאָ־אָ־אָ—אָד!"

נאָר פּונקט דעמאָלט, ווען זיין לאַנגער „אחד" באַקומט דעם קורצן אָטעם, לאָזן זיך שוין די טרעגער צו אַ צווייטן הויז. פון אין מיטן אַ רעדל מענטשן גיט זיך אַ יאָג אַ אידענע מיט געשוואָלענע פיס אין צעטאָפּטשעטע שטעקשיך און יאָגט אַריבער די טרעגער. זי צענעמט באַ דער טיר פון דער צווייטער הויז אירע הענט אין דער ברייט און צעשרייט זיך אין קאָרידאָר מיט אַ קול פון אַ מענטשן, וואָס דערזעט פֿאַר זיך אַ געפֿאַר:

— איסרועל, איסרועל! פֿאַרשלים די טיר אָפּסטעז און־קום אַרונטער, איסרועל!

און ווען איסרועל פון „אַפּסטעז" קומט ניט אַרונטער, און אַ פּאָר טרעגער פּרואוון אַוועקשלעפּן די אידענע פון דער טיר, קלאַמערט זי זיך איין מיט די הענט אָן דער טיר, שרייט נאָך אַלץ „איסרועל", און מיט די פיס און מיטן קאָפּ וואַרפט זי זיך ווי אין אַ קדחת און לאָזט קיינעם ניט צו צו זיך. די אידענע וויל אין דער זעלבער צייט אי שטיין דאָ בײַ דער טיר און ניט אַריינלאָזן די טרעגער, אי לויפן צום פּרומען לענדלאָרד און אים „אויסדראַפּען די כשרע אייגעלעך". מיט די לעצטע כחות שרייט זי דערפֿאַר און רופט דעם מאַן אירן, ער זאָל איר קומען איבערנעמען די הענט.

אין אַ רעדל, צווישן עטלעכע אידן, ווייבער און קינדער, שטייט שוין סעם אַצינד איינגאַנצן אַ פֿאַרגעסענער, אַז ער דאַרף גיין צו זיין שוואָגער מאָריסן, זיין באַלעבאָס, בעטן בײַ יענעם צוריק זיין דזשאָב. ער האַלט דעם קאָפּ אַריבערגעבויגן איבער אַ נידעריקן איטאַליענער מיט גרויסע וואָנצעס און הערט זיך איין, וואָס אַ איד מיט שוואַרצע טינט־פלעקן אויף דער נאָז און אויפן שטערן און אין אַ לאַנגן לעדערנעם פאַרטוך (אַפּנים דער שוסטער פֿונעם אַנטקעגנדיקן שוסטער־קעלער) האָט צו דערציילן:

— האָט ער צום ערשטן, הייסט עס, מעך געמופּט פון אַקראָס דע סטריט, נאָכדעם האָט ער די פּאָליאַטשקע מיטן הילצערנעם פוס געמאַכט מופּן, און לעצטע וואָך, איך שיק אַריין מיין באָיטשיק צו מיינעם אַ קאָסטימער — — —

נאָר דאָ צעהוסט ער זיך מיט אַ שווערן כריפּענדיקן הוסט, ווערט אַזש בלוי און, טענהנדיק מיט די הענט, הויבט ער פֿונדעסטוועגן אָן עפּעס אַ נייעס צו דערציילן:

— אַניט דאַרף ער וואוינען דאָ? ער קען דען ניט אַפּאָדערן צו וואוינען צישן די ראַקעפּעלערס? ער איז דאָך אָנגעשטאָפּט ווי אַ גוי! שאַ, מ'נעמט זיך שוין צו דער דזשעניטאָרן אויך. יאָ, האָב איך, הייסט עס, געשיקט דעם באָיטשיק מיינעם צו מיינעם אַ קאָסטימער — — —

מער וויל שוין סעם אָבער ניט הערן. עפּעס אַ געפיל אַזאַ ווי מ'וואָלט זיין אייגענע מאַמע געשלעפּט און געשטויסן האָט ער איצט פון דעם, וואָס די טרעגער שטויסן די אידענע בײַ דער צעפּראַלטער טיר. ער פֿאַררייסט דעם קאָפּ צום פענצטער, וואו דער פרומער לענדלאָרד דאַוונט, און אים דוכט זיך, אַז אָט דער לענדלאָרד איז געראָטן אָן זיין שוואָגער מאָריסן. ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז זיין באַלעבאָס מאָרים האָט אַ רויט געזונט פּנים אָן אַ סימן פון אַ פּיצל באָרד, און ער, דער לענדלאָרד, אַ בלאַס־הייליק פּנים, אַ באָרד אַ רויטע, אַ געקרייזלטע — און דאָך אַזאַ ענלעכקייט. ס'קען זיין אינעם

קנייטש מיט די ברעמען, אין דער געמיטלעכקייט פֿון אַט דעם רייכן פּרומאַק זעט ער די קרובהשאַפֿט פֿון זיין באַלעבאָס מיטן לענדלאָרד.

אין איין זאַך אָבער איז ער קלאָר:

„ער וואָלט אים אַ בעלן געוועזן ברעכן אַ ביין...״

און צו די טרעגער, וואָס „קריכן אין פּרעמדע טריידס און פֿאַרנעמען יענעמס דזשאָב״, האָט ער שוין אויך אַ פּאַרטיק געפֿיל:

„זאָלן זיי נאָר טשעפּען דער אידענעם פּאַניטשע, לאָזט ער זיי די קישקעס אַרויס.״

און ווען די אידענע, אַ פּאַרוויינטע, מיט צעריסענע קליידער אַף איר לייב, לויפֿט נאָך אין קאָרידאָר נאָך די טרעגער, און אַ פּאָליציימאַן כאַפּט זי אָן, פֿאַרדרייט איר די הענט אַף הינטן און שלעפּט זי אַרויס פֿונעם קאָרידאָר אין דרויסן אַרויס — דעמאָלט געשעעט עפּעס אַזוינס, אַף וואָס סעם האָט זיך גאָרניט געריכט:

אַ ווייבל מיט אַ חן־גריבעלע אין דער מאָרדע שפּאַרט זיך אָן אָן די אַקסלען פֿון אַ פּאָר יונגען, קלעטערט אַרויף לעבן פּרומען אידן אַפֿן ווייסן אייז־באָקס און הויבט אָן רעדן צום עולם, פֿאָכענדיק דערביי מיט די הענט זייער געשווינד. אין דער זעלבער צייט לאָזן זיך עטלעכע יונגען צו דעם הויז מיט דער ברייט־צעפּראַלטער טיר און הויבן זיך אָן ראַנגלען מיט די טרעגער, וואָס האָבן שוין באַוויזן אַרויסטראָגן שטיקער מעבל.

מיט אַן אָפֿן מויל, מיט אַ פּנים הוילע נייגער, שטייט סעם אַ צעטראָגענער און ווייסט ניט וואָס צו טאָן מיט זיך.

אים גלוסט זיך אַצינד אי זיך אַריינוואַרפֿן אין געשלעג, אי הערן וואָס דאָס ווייבל האָט צו זאָגן. אירע רייד זיינען פֿאַר אים ווי אַ גוט ביסל בראַנפֿן אפֿן ניכטערן האַרצן:

„ס׳גיט צו אַפּעטיט און ס׳דערוואַרעמט יעדן אבר.״

הער נאָר אַ מעשה!

„היינט וועט איר קאָנצל העלפֿן אַריינשטעלן די פּאַניטשע אין די הייזער דאָ אין סטריט, און מאָרגן, אויב מ׳וועט דאַרפֿן, וועט די סטריט קומען אַריינשטעלן די פּאַניטשע אין איר סטריט. שאַ, ווי ווייט וואוינט ער, סעם, אינגאַנצן פֿון דאַנען? אַ גאָרניט. אויב אַזוי, אויב מ׳וועט דאַרפֿן (די שעה זאָל ניט זיין!) וועט די סטריט און דער ווייבלס סטריט קומען אין זיין סטריט און העלפֿן אַריינשטעלן זיין פּאַניטשע. ס׳אַ פּלאַן! זאָל ער אַזוי געזונט זיין, ס׳אַ פּלאַן!״

איז טאַקע אויך די אייגענע מעשה:

„צו וועמען זאָל ער זיך נעמען דאָס ערשטע?"

א פאַרלאַנג ביז משוגעת באַפאַלט אים, און עפּעס א כח אינעווייניק אין אים שטויסט אים צום פּאָליציימאַן, און וויל אַז ער, סעם, זאָל אויסציען „פּלעט" דעם בלויען ראָק. ס'איז שוין באַ אים אַצינד א גוואַלדיקע אַמביציע דאָס דורכצופירן.

ער פילט איצט אין זיך דאָס בלוט פון זיין טאַטן, זיין זיידן — דורותדיקע בינדיוזשניקעס, וואָס פלעגן אין שבתדיקע פאַרנאַכטן זיך באַרימען אין באַלעגאָלישן שולעכל, ווי זיי האָבן געכאַפּט אַמאָל אין א פינצטער ווינקל א גאָראָדאָוואָי, אים צוגעלייגט א קלעפּקע צום לינקן קריזש, א זעץ געטאָן מיט א שטיין איבער דער קלעפּקע — און האָדי, ניטאָ קיין לונגען...

ווייטער פילט ער שוין מער גאָרניט — ביז אַהער דערגייען זיינע געפילן און ניט מער. שפּעטער א ביסל ווייסט ער נאָר איין זאַך: ער מוז אריבער־שפּאַנען איבערן צעשלאָגענעם פאַרחלשטן פּאָליסמאַן און שטעלן פיס...

און נאָכדעם, אַז ער לויפט שוין א צעבראָסטעטער אָן א היטל, און הינטער אים פייפן פּאָליציי־פייפעלעך, האַלט ער אין איין חזרן עטלעכע זייער נויטיקע ווערטער. אָט די ווערטער האָט ער אינזינען געהאַט היינט זאָגן זיין שוואָגער מאָריסן, זיין באַלעבאָס, פאַרוואָס ער, סעם, האָט אים געשלאָגן מיט א פּאָר וואָכן צוריק. זאָל ער ניט מיינען, מאָריס, אַז ער, סעם, שלאָגט מענטשן אומזיסט. זאָל ער וויסן, מאָריס:

„אפן ניכטערן האַרצן טשעפּעט מען מיך ניט!"

:: :: ::

הינטן, שוין גאָר ווייט הינטער די לויפנדיקע פּאָליציילייט, הינטערן לויפנדיקן עולם, זיצט א אידענע אפן ראַנד פון טראָטואַר און וויינט. לעבן איר אפן ברוק ליגט איבערגעקערט מיט דריי רעדלעך ארויף א קינדער־וועגעלע. ניט ווייט פונעם וועגעלע ליגט נאָך א רעדל און ארום אפן ברוק וואַלגערן זיך צעקוועטשטע און גאַנצע פערעשקעס און פלוימען.

די אידענע האַלט אין איין שנייצן די נאָז אין איר קויטיק־געקעסטלט פאַרטוכל, פאַרוואַרפט דעם קאָפּ ווי א געחלשטע און וויינט אַזוי:

„אַז דערהרגעט זאָלן דיר ווערן, גאָטעניו, די פּאָליציי־לי־יי־ייט!"

„גרינע ווערים זאָלן זיך זיי זעצן אָפּ די געדער־י־י־ים!"

און שוין גאָר צום סוף לאָזט זי אוים מיט א קוויטש:

„וויסטע בשורות זאָל מען זיי אָנזאָגן אפן ניכטערן האַרצן־ן־ן!"

# אין אַ ערב־ווינטערדיקן טאָג

נאָך באַגינען, ווען ס'שאַריעט ערשט אָף טאָג, הויבט זי אים שוין אָן צו שעלטן:

צוערשט, ליגנדיק לעבן אים אין בעט, טאָרקעט זי אים מיטן עלנבויגן אָן רוקן, דראַפּעט מיט די נעגל פון אירע פיס־פינגער זיינע גראָבע, פעסטע פיס און שעלט אים אָף „ער":

„ער זאָל גיין אין דר'ערד!"

„ער זאָל ברעכן דעם קאָפּ!"

„ער זאָל איינגעמען אַ מיתה־משונה!"

נאָכדעם, אַז זי קריכט אַריבער איבער אים און צינדט אָן דאָס עלעקטרישע לעמפּל, גייט זי גליַיך איבער אָף „דו".

זי, אַ וואוקסיקע אידענע, מיט אַ נאָז אַ לאַנגער, אַ שפּיצעכיק־שאַרפער, מיט אָן אַ שיר קלייען אָפן פּנים און געלבלעכע פלעקן אונטער די אויגן, שטייט עטוואָס אָנגעבויגן איבער אים, טרייסלט זיינע אַקסלען און מיט אַ סווישטש פון דער אויבערשטער יאַסלע, וואו ס'פעלן איר צוויי פאָדערשטע ציין, וועקט זי אים פון שלאָף:

דזשייק, דזשייק, ׳סט שוין אַמאָל אויפשטיין, דזשייק?

איר אויפגעלאָפענער בויך, וואָס ווייזט אַז זי לײַדט פון אַ געשווילעכץ, וואָס יאָגט זיך שוין צום האַרצן צו, ציטערט אונטער בעת מעשה און וועקט אויך דעם מאַן אירן, קריכנדיק אָף זיין פּנים. דער „קנאָפּ" אָף איר האַלדז גליטשט זיך דעמאָלט אַרויף און אַראָפּ און פּאָמפּעט קללות פון איר גאָרגל:

— ׳סט שוין אַמאָל אויפהערן כאָליאַטשען, דזשייק? פאַרשרפּעט זאָלסטו ווערן!

אַ ווײַלע בלײַבט דער קנאָפּ שטיין, רוט זיך אַ ביסל אָפּ — נאָר באַלד הויבט ער ווידער אַמאָל אָן צו אַרבעטן:

— קוק נאָר ווי סע זשמורעט די אייגעלעך! אויסרינען זאָלן זיי דיר!

צוגעדעקט מיט דער קאָלדרע ביז דער נאָז צו, נורעט ער דעם קאָפּ אין קישן, קוועטשט שטאַרק צו די אויגן און מאַכט זיך אַז ער שלאָפט, סאָפּענדיק

אזש פון גרויס אָנשטרענגונג. זיין גרויסער,ברייטער קערפּער קאָרטשעט זיך דעמאָלט אונטער דער קאָלדרע און וויל זיך מאַכן קלענער. ער וויל עפּעס א נעבעכדיקייט אָפּ זיך ארויפּציען, כדי דאָס ווייב זאָל אָפּ אים רחמנות האָבן און אים לאָזן צורו. דער גוף זיינער ווערט אָבער נאָך גרעסער, די קאָלדרע בלאָזט זיך אויף און זיין טונקל־בלאָנדע טשופּרינע רייבט זיך אומרואיק אָן קישן.

אין שטוב איז דעמאָלט קאַלט. פון די געלע־אָפּגעלישטשעטע ווענט קוקט עפּעס א מרה־שחורהדיקס ארונטער. די סטעליע, אָן אָפּגעבליאַקעוועטע, מיט גרויסע גרויע פלעקן, הענגט גאָר נידעריק איבער דער אידענעס קאָפּ.

לאַנג שטייט אַזוי די אידענע איבער איר מאַן און פּרואווט אים אויפוועקן. נאָר ווען די פארטאָגיקע קעלט נעמט דורך איר ליב און פאַר אירע פיס ווערט צו שווער צו האַלטן אָפּ זיך אזא גרויסן בויך, שיט זי אויס די לעצטע קללות, לעשט אויס דעם לאָמפּ און קריכט שוין צוריק אריבער איבער אים אין בעט.

א ווײַלע איז שטיל אין צימער. פון דרויסן הערט זיך דאָס בראַזגען פון א פארביי־יאָגנדיקן טראַמוויי. מיטאַמאָל הויבט זי אָן צו וויינען. צוערשט הערט זיך א פארשטיקט געוויין, וואָס מ׳וויל איינהאַלטן אין זיך נאָר מ׳קען בשום אופן ניט. באַלד אָבער ווערט דאָס געוויין שטאַרקער און העכער. ס׳איז א געוויין אַזא ווי פון א מענטשן, וואָס איז געוואוינט צו קלעפּ, וואָס שעמט זיך מיטן אייגענעם געוויין און פארגעסט אזש אָנעם וויטיק פון די קלעפּ.

אַז דאָס געוויין ווערט הילכיקער און דאָס כליפּען האַסטיקער, דרייט דער מאַן זיך אויס מיטן פּנים צו איר פּלייצע; דאָס בעט גיט א פּאָר מאָל א סקריפּ און פון זיין ברוסט רייסט זיך ארויס א שווערער זיפץ. א גרויס רחמנות האָט ער אַצינד אָפּ איר. ער וויל זי מיט עפּעס טרייסטן, איר זאָגן אַזעלכע גוטע, ווייכע רייד, נאָר ווייסט ניט ווי אַזוי:

„אדרבא — וויל ער איר זאָגן, אדרבא — אָט שטייט ער שוין אויף, טוט זיך גלייך אָן און גייט זוכן א דזשאַב. וואָס־זשע, ער איז דען א פוילער? גאָרניט, ס׳איז קאַלט אין שטוב, גלוסט זיך ניט ארויסקריכן פון בעט. אָבער פוילן זיך? זאָל ער דערהרגעט ווערן!״

און נאָך עפּעס וויל ער איר זאָגן:

„איר לאַנדסמאַן מעקס, דעם פּאָרמאַן, דעם לוויזיקן סקעבאַטש, מעג א שווערער טראָק איבערפאָרן. איבער אים, איבערן לויזער, א בראַנד אין זיינע קישקעס, האָט מען פארלוירן דעם סטרייק.״

דאָס אַלץ קען ער איר אָבער ניט זאָגן. איר ווייגען מאַכט אים צעטראָגן און ער ווערט הילפלאָז ווי אַ קינד. ער רוקט זיך דערפאַר צו גאָר נאָענט צו איר, לייגט אַרויף זיין שווערע האַנט אַף איר קאָפּ און הוכקעט אַרויס זיין הייסן אָטעם אַף איר פּלייצע:

— נו, שאַ, שאַ, כאָלערע, האָדי! האָדי, זאָגט מען דיר!

דורכן פענצטער גרויט שוין איצט דער פרימאָרגן. די דרויסנדיקע וואַנט, וואָס שטייט נאָענט לעבן פענצטער, שפּאַרט זיך נאָך מער אין שטוב אַריין און די שויבן וויינען מיט טוי און בעטן זיך באַ אָט דער וואַנט:

„נו, גיב זיך שוין אַ ביסל אַ רוק אָן אַ זייט, לאָמיר אויך אַמאָל אַ קוק טאָן אַף דער ליכטיקער וועלט!״

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שפּעטער, ווען אין דרויסן איז שוין ליכטיק, גייט ער איבער אַ שמאָל געסל, פּאָכעט שווערלעך מיט די הענט הין און צוריק און בורטשעט עפּעס ברוגזלעך אונטער דער נאָז. אין דרויסן איז כמורנע, ערב־ווינטערדיק. כמאַרעס, ווי גרויער רויך, הענגען נידעריק איבער די דעכער און אַן אָסיענ־דיקע קעלט מיט אַ קלעפּיקער פייכטקייט הילן איין די שטאָט.

זיינע שמאָלע ראָזעווע אויערן — אויערן ווי פון אַ יונג זויבער חזירל — ווערן פון קעלט רויט און זיין געזונטער־געראָנצלטער קאַרק פּרואווט זיך באַהאַלטן אונטערן קאָלנער פונעם מאַנטל. הינטער אים, אַ פינף־זעקס שפּאַן וויטער, גייט נאָך אַן איינגעהויקערטע, אַ פאַרסאָפּעטע זיין ווייב. אַפן קאָפּ טראָגט זי אַ קויטיק ציכל; זי שפּייט אַףביידע זייטן טראָטואַר און פּאָכעט מיט די הענט אין דער לופטן:

— דזשייק — שרייט זי — דזשייק, ׳סט היינט גיין צו מעקסן, ׳סט אים קושן אין . . . ער זאָל דיך צוריקנעמען, דזשייק!

אַלע מאָל ספּאָטיקעט זי זיך אָן די אייגענע פיס, כאַפּט זיך אָן אַ דער־שראָקענע באַם גרויסן בויך און בלייבט אַף אַ ווייַלע שטיין. דער מאַן אירער ענטפערט איר דערויף גאָרניט. פון צייט צו צייט גיט ער בלויז אַ פאַרשאַר זיין בלאָנדע טשופּרינע אונטערן קאַשקעטל און ברומט אַרויס אַן אומ־צופרידענער:

„האָדי שוין, שטיניאַק, האָדי שוין?!״

נאָר אַז ער גייט אָפּ אַ פּאָר קווארטאַלן, שטעלט ער זיך פּלוצים אָפּ, ער דרייט זייער לאַנגזאַם אויס דעם קאָפּ צו איר און ווי ער וואָלט זיך מיישב געווען מיט זיך אַליין, לאָזט ער איר סוף־כל־סוף וויסן:

— אָרייט, אָרייט, כ'ל גיין, אין דר'ערד אריין, אָרייט.

אין דער מינוט איז שוין דאָס ווייב לעבן אים. זי מאַכט אַ רחמנות־פּנים און פּרוּאווט זיך פאַרענטפערן:

— אַז כ'מיין דען עפּעס שלעכטס, דזשייק? זאָל איך קרענקען, אַז ניט.

אַף גיך בויגט זי זיך איין, לאָזט אַראָפּ אַ זאָק פון איר פוס, וואָס איז מיט בלויע אָדערלעך באַצויגן, בינדט אויף אַ קניפּל און דערלאַנגט אים אַ פּאָר זילבערנע מטבעות:

— נאַ, דזשייק, עסטו האָבן אַף עקספּענציעס.

ביסלעכווייז, מיט אַ שווערן סאָפּען און קרעכצן, גלייכט זי אויס איר לאַנגן גוף, מיט אַ שפּיץ פונעם קויטיקן ציכל גיט זי אַ פּאָר מאָל אַ וויש די נאָז און הייבט זיך אָן איינקוקן אינעם אוועקגייענדיקן מאַן.

אַ קורצע, גראָבלעכע אידענע, מיט צעשנורעוועטע מאַנצבילשע שיך אַף די פּיס און אַ צעראַטענעם אָפּגעריבענעם קאַשעק אַף דער האַנט, לויפט אָן פון אַ זייטיק געסל, שטעלט זיך אַוועק פּאַריטש מיט דער הויכער פרוי און הויבט אויך אָן נאָכקוקן יענערס מאַן. אין אַ ווײַלע אַרום גיט זי, די קורצע אידענע, אַ פּליעסקע מיט די ליפּן, פאַררייסט די אויגן צו איר און מיט אַ באַזאָרגט פּנים טוט זי איר אַ פרעג:

— וואָסי, מיסעס? סע אייער מאַן?

יענע קוקט זיך אַפילו ניט אום אַף איר. זי גיט בלויז אַ פּאָר מאָל אַ שמאָרע מיט איר קלייענדיקער נאָז און וואָרטשעט ארויס, נאָך אַלץ נאָכ־קוקנדיק דעם אוועקגייענדיקן מאַן:

— סע ניט אייערע חזירשע ביזנעס!

די נייגעריקע אידינע באַליידיקט זיך אַפילו אַ טראָפּן ניט. אַף גיך בייט זי איבער דעם קאַשעק פון איין האַנט אַף דער צווייטער, זי גיט אַ געשמאַקן שפּיי הארט לעבן יענערס פיס און מיט דריבנע טריטעלעך שקראָבעט זי אוועק.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָכדעם דרייט זיך שוין דזשעק אַרום אַ גאַנצן טאָג איבער קויטיקע, שמאָלע געסלעך. מיט פאַרלוירענע בליקן קוקט ער אַף אָפּגעלאָזטע, פאַר־הושכטע מויערן און זוכט אַף זיי שילדן, אַף וועלכע מ'פאַרלאַנגט אַרבעטער. ערשט פאַרנאַכט־צו, ווען זיין לייב איז שוין דורך און דורך אָנגעזאָפּט מיט דער ערב־ווינטערדיקער קעלט, פאַרלאָזט ער אָט די געסלעך. מיט אַ געפיל אַ

מאָדנעם, אַ פּריקרע אַזאַ, באַשליסט ער דעמאָלט אין שאַפֿ אַריין גיין און בעטן צוריק דעם דזשאַב.

אין שטאָט ווערט שוין דעמאָלט פֿינצטערלעך. דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ נאָך נידעריקער איבער די דעכער און יאָגט אָן עפּעס אַן אומעט אַזאַ, אַזש ביז צום וויינען.

ער קען אָבער ניט וויינען, דזשעק. ער האָרבעט זיך בלויז איין, רוקט אַריין דעם קאָפּ טיף צווישן די אַקסלען, ווי ער וואָלט מורא געהאַט אַז אָט־אָט וועט דער הימל אַראָפּפֿאַלן אויף זיין קאָפּ, און גייט אַזוי אין שאַפֿ. נאָר אַז ער קומט צו צום מויער, וואו דער שאַפֿ געפֿינט זיך, ווערט אים שוין ביז גאָר שווער אונטערצוהאַלטן מיטן קאָפּ אַזאַ כמורנעם־שווערן הימל. ער פֿאַררייסט דעם קאָפּ אַרויף, ווי ער וואָלט געוואָלט אָפּמעסטן, ווי הויך דער הימל געפֿינט זיך פֿון דער ערד, גיט אַ טרייסל מיט דער בלאָנדער טשופּרינע און בלייבט שטיין בײַ דער טיר פֿון קאָרידאָר.

לאַנג שטייט ער ניט אַזוי. עפּעס אַ כח אַזאַ, אינעווייניק אין אים, שטויסט אים אַריין אין קאָרידאָר און פֿירט אים צו צום עלעווייטאָר. און ווען דער עלעווייטאָר יאָגט זיך אַרויף צום פֿינפֿטן שטאָק און לאָזט אים אַרויס אין וואַרט־צימער פֿונעם שאַפֿ, קען ער ווייטער ניט גיין. מיט אַ פֿאַרבאָרגענער שרעק אין זיך בלייבט ער שטיין האַרט לעבן דער טיר, וואָס האָט זיך נאָר וואָס פֿאַרהאַקט הינטער אים.

פֿונעם שאַפֿ דערטראָגט זיך אַהער דאָס פֿאַרעקשנטע כאָרכלען פֿון די מאַשינען, וואָס בייסן זיך איין אין שטיקער שטאָל און דאָס גרילצן פֿון עלעקטרישע עקבויערס.

אָט דער טומל פֿון שאַפֿ דערשרעקט אים, ווי דאָס געברום פֿון חיות דערשרעקט אַ מענטשן, וואָס האָט פֿאַרבלאָנדזשעט טיף אין וואַלד. אין זיין פֿאַרלעגנהייט קוקט ער אויף די גראָבע־לעפּישע פֿינגער פֿון זיינע הענט און קען זיך גאָר ניט אָפּחידושן:

„קוק נאָר, קוק: פֿיר יאָר דאָ אָפּגעאַרבעט און אַרויס מיט גאַנצע פֿינגער! אַ מזל פֿון אַ גוי!"

ער באַטראַכט די דינע שטאָלענע ווענטלעך, וואָס טיילן אָפּ דאָס וואַרט־צימער פֿונעם אָפֿיס און שאַפֿ און עפּעס אַ כעס אַזאַ פֿאַרכאַפּט אַזש זיין אָטעם. זיינע גרוילעכע־בלויע אויגן גיסן זיך אָן מיט אַ מאָדנעם מין גלאַנץ און ווערן מיטאַמאָל שפּיזיק שאַרף. זיי ווילן, אָט די אויגן, מיט זייער שאַרף־

קיט דורכלעכערן די שטאָלענע ווענטלעך און מיט אימפּעט זיך אַריינשניידן אין עמיצן:

„אַ בראַנד אין די קישקעס!"

ווען דאָס מיידל אין אָפּיס פּאַררייסט די אויגן צום פּענצטערל מיט די מעשענע גראַטעס און פרעגט אים מיט איר מאַנאַטאָן קול דעם געוויינלעכן „וואַדזשיוויש?", שטייט ער קעגן איר, פּינטלט מיט די וויעס און ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן. ס'גערדויערט אָבער ניט לאַנג, דאָס טירל פונעם אָפּיס עפנט זיך זייער לאַנגזאַם אויף און דעם פאָרמאַנס קאָפּ בלייבט דאָרט שטעקן, ווי דער קאָפּ פון אַ הונט פון דער קאָנורע, ווען ער דערשמעקט פרעמדע טריט. דאָס פּנים דעם פאָרמאַנס, וואָס איז אויסגעשמירט מיט אויל און מיט שטאָל־שטויב, ציט זיך אויס און זיינע ברעמען פאַררייסן זיך אַזש ביז די קניטשן פונעם שטערן:

— קוק נאָר ווער סע דאָ?! אַ גאַסט, ווי איך בין אַ איד, אַ גאַסט!

זיינע ברוינלעכע גרויסע אויגן צעשמייכלען זיך באַלד און קענען זיך גאָרניט אָפּרייסן פון דזשעקס אומגעלומפּערטן היפּשן גוף. אינעם שמייכעלע אינעם פאָרמאַנס איז דאָ די צופרידנקייט פון אַ קאַרליק, וואָס פאַרגנבעט זיך הינטן אַרום צו אַ ריז, גיט יענעם אַ קניפּ און רייצט זיך נאָך נאָכדעם מיט אים פון זיין באַהעלטעניש אַרויס.

דזשעקן צעטומלט נאָך מער אָט דאָס „פריינטלעכע" שמייכעלע. ער הויבט אָן נאַרישעוואַטע צו שמייכלען און רייבן מיט די פיס דעם צעמענטע־נעם דיל. אין אַ ווײַלע אַרום מאַכט ער אַ פּאָר קורצע טריט, שטרעקט אויס די הענט צום פאָרמאַן, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט מיט אים אויסטענהן און דאָס מויל באַ אים איז שוין גרייט עפּעס צו זאָגן.

נאָר דעמאָלט מישן זיך מיטאַמאָל אויס זיינע געדאַנקען און ער פאַר־געסט אינגאַנצן, וואָס אַזוינס ער האָט געוואָלט זאָגן. זיינע הענט כאַפּן פּלוצים אָן דעם פאָרמאַן פון פאָרנט באַם פאַרשמאָלצעוועטן אַרבעט־העמד און שלעפּן אים אַוועק פון דער טיר אין וואַרט־צימער אַריין. ער וואַרפט אים אַנידער אַפן דיל, הויבט אָן טאָפּטשען מיט די שווערע פיס אַף יענעמס צונויפגעקאָרטשעטן קערפּער, הויבט אים אויף און וואַרפט אים צום שטאָלענעם ווענטל.

יעדער גליד זיינער גליט אַצינד ווי אין אַ שווערער טיפוס־קראַנקהייט. אין זיין קאָפּ בייטן זיך אַלערליי געדאַנקען, נאָר פון אָט די אַלע געדאַנקען קען ער בלויז אויפכאַפּן איין געדאַנק און פילן, אַז ניט נאָך דעם איז ער

געקומען אהער. ער קען זיך אָבער ניט העלפֿן — ער האָט אַ גוואַלדיקע הנאה, ווען דעם פֿאַרמאַנס קאָפּ שלאָגט זיך אָן אָנעם שטאָלענעם ווענטל און דאָס ווענטל גיט יעדעס מאָל פֿונעם שטויס אַ לייכטן ציטער. דאָס פּנים דזשעקס איז אַצינד אי צופֿרידן, אי אַ ביסל פֿאַרקרימט, ווי בײַ אַ מענטשן, וואָס פֿאַרזוכט עפּעס אַ גוט מאכל און קען נאָך גענוי ניט באַשטימען דעם טעם פֿונעם פֿאַרזוכטן.

פֿון זײַן גאַנצן לשון בלײַבט אים בלויז איבער עטלעכע געציילטע ווערטער, וואָס מאַכן נאָך שווערער זײַנע הענט און קומען אַרויס פֿון זײַן מויל ווי אַ ווידער־קול:

„נ־נ־אַ, נ־נ־נאַ! ס'ט זײַן אַ ל־ל־לויזער?! נ־נאַ, נ־נ־נאַ!"

ערשט דעמאָלט, ווען אַפֿן פֿאַרצווייפֿלטן געשריי פֿונעם פֿאַרמאַן לויפֿן אַרײַן פֿון שאַפּ עטלעכע אַרבעטער און רײַסן קוים אַרויס דעם פֿאַרמאַן פֿון זײַנע הענט, ערשט דעמאָלט דערפֿילט ער וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָן. אַ רחמנות אַזאַ אַף זיך אַליין און אַפֿן ווײַב, וואָס וועט שוין הײַנט ווידעראַמאָל אים שעלטן און נאָכדעם לאַנג־לאַנג וויינען, הויבט אָן נאָגן אין זײַן האַרצן און שוואַכט מיטאַמאָל אָפּ זײַנע אויפֿגעברויזטע, צערייצטע אברים.

אין דער זעלבער צײַט דערטראָגט זיך שוין אַהער דאָס ווײַנענדיקע טרובען פֿון אַ פּאָליציי־אַטאָמאָביל. דאָס ווײַנען פֿון דער טרובע איז עפּעס אַ מין פֿאַלש געוויין, וואָס וויל לאָזן וויסן דער וועלט, אַז אין געגנט דאָ האָט טאַקע אין דער אמתן אַ גרויסער אומגליק געטראָפֿן מיט דעם, וואָס מ'האָט נאָר נישקשהדיק צעמזיקט אַ פֿאַרמאַן...

זי דייט אָבער אַפֿילו ניט אָן, אָט די טרובע, מיט איר געוויין, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט מען דזשעקן פֿאַרמשפּטן אַף לאַנגע חדשים טורמע און אַז די ווײַב זײַנע וועט דעמאָלט מיט אַן אָפּגעהאַקט כליפּען זיך געזעגענען מיט אים, און ער, דזשעק, וועט אַרויפֿלייגן זײַן שווערע האַנט אַף איר קאָפּ, זי וועלן טרייסטן און מיט אַ ציטער אין קול איר זאָגן:

„נו, שאַ, שאַ, כאָליערע, האָדי! האָדי, זאָגט מען דיר!"

# אָפּפֿאַל

ס'דוכט זיך אָפּט: אָט די היפּשע פּרישטשעס אַף זיין פּנים חידושן זיך אַליין אַף זייער אייגענער גרויס:

„קוקט נאָר אומיסטן: אַזאַ פּיצל פּנימל — און קיין עין הרע אַזעלכע גרויסע פּרישטשעס, טפו!"

ער, „שוסטערל", וואָס איז געבענטשט מיט אַזעלכע גרויסע מכהלעך אַף דער צורה, איז אַליין גראָד אַ דאַרינקער, אַ דריבנינקער. אַ טבע האָט ער אויך עפּעס אַ מגושמדיקע — אַ טבע, וואָס איז שוין כמעט ווי אַ חולאת אַזאַ באַ אים:

כמעט יעדן יאָר, אָנהויב ווינטער, ווען דער ערשטער שניי פאַלט אויס, ווערט ער מאָדנע מרה־שחורהדיק. עפּעס אַן אומעט אַזאַ הויבט אים אָן נאָגן באַם האַרצן און ס'פאַרבענקט זיך אים, אַזש ביז משוגעת, צוריק אַהיים, אין זיין פּיצלדיק שטעטל, וואָס טוליעט זיך נעבעכדיק צו אַ היפּשן ליימענעם באַרג.

כמעט יעדן יאָר אַזוי.

ס'האָט שוין אַפּילו געטראָפן, אַז די באַלעבאָסטע זיינע, די דזשעניטאָרן באַ וועמען ער האַלט זיך אויף, האָט אַמאָל באַמערקט אָט דעם אומעט אין זיינע קאָלירלאָזע וואַסערדיקע אויגן, און פון גרויס רחמנות, אַפּנים, אים געוואָלט רעדן אַ שידוך.

— סטאַפּ! — האָט זי דעמאָלט זיך צעבייזערט און אַ פּאַטש געטאָן איבערן געזעסל דאָס קינד, וואָס האָט געזויגן איר ברוסט און אין איין וועגס געפּרואווט אַריינקריכן מיט אַ פיסל אין דער גרויסער קעשענע פון איר פאַרטוך — סטאַפּ!

און צו שוסטערלען האָט זי געזאָגט, אָט די דזשעניטאָרן, וואָס האַלט זיך פאַר אַ מבינטע אַף אַלערליי ליבעס:

— מיסטער יעלנער — האָט זי געזאָגט און אַ ציי געטאָן מיט דער נאָז די קאַליע־געוואָרענע לופט אין קיך — מיסטער יעלנער, אַבעטשע איר זייט פאַרליבט, אַבעטשע.

נאָכדעם, ווען זי האָט שוין פאַרקנעפּלט דאָס קאַפּטל, געקראַצט דעם קינדס קעפּל און מיט דער זעלביקער האַנט פון צייט צו צייט צונויפגעשאַרט די ברעקלעך אויפן טיש, האָט זי מיט אַ שמייכעלע פון אַ אידענע, וואָס האָט ליב רעדן מיאוסע רייד, אים געזאָגט:

— מ־מ, מ־מ, ס'אַ מיידל כ'האָב פאַר אייך! איר'ט זיך מחיה זיין, מיסטער יעלנער, איר'ט ניט זיין דיסאַפּאָינטעט!

ער, שוסטערל, האָט איר דערויף גאָרניט געענטפערט. ער האָט בלויז מיט צוויי פינגער געקוועטשט דעם גאָר נישקשהדיקן פרישטש, וואָס געפינט זיך אויפן סאַמע מיטן שטערן, און נאַרישעוואַטע אונטערגעשמייכלט. דער אומעט פון זיינע אויגן איז אָבער ניט פאַרשוואונדן. יעדעס מאָל ווען ער האָט דורכן פענצטער דערזען דעם פאַרשנייטן אינדרויסן, האָט זיך אים נאָך שטאַרקער פאַרבענקט און ס'האָט אים מיט אַלע חושים געצויגן אַהיים, אין זיין פּויליש שטעטל.

:: :: ::

נאָר איצט, אינעם פרימאָרגן, ווען ער גייט צו דער אַרבעט און אונטער זיינע פיס סקריפּעט דער ערשטער שניי, וואָס איז דורך דער נאַכט אויסגעפאַלן, פילט ער ניט אָט יענעם נאָגנדיקן אומעט. פאַרקערט, יעדער אבר זיינער פרייט זיך אַצינד און אין זיין מוח יאָגט זיך אַרום אַ רירעוודיק געדאַנקעלע ווי אַ באַנקעלע קוועקזילבער. ס'שלאָגט זיך אָן אין עפּעס, אָט דאָס קוועקזילבערדיק געדאַנקעלע, צעפאַלט זיך און עס ווערן פון דעם שוין עטלעכע ביז גאָר פריילעכע געדאַנקעלעך.

„אַן עק, אויף פּסח פאָרט ער צוריק קיין יוראָפּ, זאָל ער איינגעזונקען ווערן — ער איז שוין מער ניט קיין היגער.”

און נאָך עפּעס:

„אַ ווייב וועט ער זיך דאָרט נעמען אין יוראָפּ, אַ גרויסע, אַ גראָבע — פלענטי פלייש, כי־כי!”

ער גיט זייער אָפּט מיט אַ באַזונדער מין פאַרגעניגן אַ באַטראַכט דעם שניי, דרייט דעם קאָפּ צוריקוועגס און קוקט זיך גוט איין, צי ס'קומט ניט אָן עמיצער פון די אַרבעטער, וואָס אַרבעטן מיט אים אינעם זעלבן שאָפּ. ער וואָלט זייער געוואָלט אַצינד דערציילן עמיצן, אַ נאָענטן מענטשן, וועגן זיין איצטיקער פרייד:

„סעי — וואָלט ער יענעם געזאָגט — סעי, מ'מעג שוין סטרייקן, איך קער ניט — אויף פּסח פאָר איך צוריק קיין יוראָפּ, אי שוד ליוו סאָ, כי־כי!”

ער וואָלט אים שוין אויך דערציילט, אַז אין „יוראָפּ" וועט ער ווערן צוריק אַ שוסטער —

„נאָ מאָר פּאַקעטבוק־פּריימס, כּי־כּי !"

און נאָכדעם וואָלט ער יענעם אַריינגעקוקט אין פּנים און גאָר אַ באַגייסטערטער געפרעגט :

„אין יוראָפּ איז גוט, סע גוט אין יוראָפּ, עיניט ?"

ס'קומט אָבער קיינער ניט אָן פון די באַקאַנטע אַרבעטער. צוויי איטאַליענערקעס מיט גרויסע קוישן אַף די קעפּ יאָגן אים אַריבער. די איטאַליענערקעס טענהן גיך־גיך מיט די הענט און ווייזן אַפּנים מיט דעם, אַז זיי קענען טראָגן די קוישן אַף די קעפּ אָן דער הילף פון די הענט. אין די גאַסן איז דאָ ראַשיק. אַרום האָדסאָן ליגט אָט דער געגנט — יאָגן זיך אָנגעלאָדענע לאַסט־אָטאָמאָבילן פונעם האַפן און פון די מויערן, וואָס זיינען כּמעט אַלע דאָ שפּייכלערס. אַלעמאָל גיט זיך אין דער לופטן אַ צעטראָג אַ הייזעריקער גרילץ פון אַ שיף־סירענע און ס'דוכט זיך, אַז די שיף בעט זיך בּאַ עמיצן :

„נו, ביז וואַנען וועל איך דאָ שטיין ? לאָדט מיך שוין אַמאָל אויס און לאָזט מיך ווייטער שווימען, נו ? !..."

פון אָט דעם אומרואיקן רעווען פון די שיפן ווערט אין שוסטערלען נאָך גרעסער די פרייד און ס'גלוסט זיך אים שוין טאַקע איצט, אַצינד־אָ, זיך אַרויפזעצן אַף אַ שיף און פאָרן אַהיים. פון אומגעדולד, אַפּנים, צי פון גרוים פרייד, פאַררייסט ער דעם קאָפּ אַרויף און כאַפּט אַ קוק אַף די שמאָלע פענצטערלעך פון די שפּייכלערס. ס'זיינען אים זייער געפעלן די טויבן, וואָס זיצן דאָרט אַף די פאַרשנייטע געזימסן, די קעפּעלעך פאַרלייגט אונטער די פליגלען. ס'דוכט זיך, אַז ער וויל זיי אויך פרעגן אָט די פראַגע :

„אין יוראָפּ איז גוט, סע גוט אין יוראָפּ, עיניט ?"

און טאַקע דעמאָלט, ווען ער האַלט אַזוי פאַרריסן דעם קאָפּ, דערפילט ער אַ גוט־ברודערשן זעץ איבער דער פּלייצע און אַ באַקאַנט קול שרייט אים אַריין אין אויער ווי צו אַ טויבן :

— ס'קוקסטו אַפן הימל, שוסטערל ? כאַפּסט פייגעלעך, האַ ?

— כּי־כּי, סי דען, סעם ?

און באַלד נאָכדעם איז ער שוין גרייט צו דערציילן פון דער פרייד, וואָס האַלט אין איין וואַקסן אין אים. ער מוז אָבער פריער אָנהויבן פון דעם, ווי גוט ס'איז אים געווען, ווען דער פריערדיקער פאָרמאַן מאָריס האָט נאָך געלעבט. די אויגן ווערן בּאַ אים פאַרטרוימט און דאָס פרישטשעוואַטע

פּנימל שמייכלט אונטער בעת־מעשה מיט אזא מינע, ווי איינער וואָס דערמאָנט זיך אָן זיין גליקלעכער קינדהייט:

— שוסטערל, האָט ער מיר געזאָגט, מאָרים, שוסטערל, אז די פּאוער גייט, זאָלסטו מיר ניט גיין אהיים, דו הערסט, שוסטערוק? כי־כי, פּלענטי אָבערטיים געאַרבעט, פּלענטי קופּער געמאַכט.

דעם גרעסטן פאַרגעניגן האָט ער אָבער, ווען ער דערמאָנט זיך אָנעם פאָרמאַנס „צערטלעכקייטן".

— שוסטערל, האָט ער מיר געזאָגט, מאָרים, שוסטערל, אז דו'סט צע־ברעכן דעם קאָמביניישאָן־דאַי, 'על איך דיר צעברעכן דעם קאָפּ! כי־כי, א מאַן געווען מאָרים, א גוטער מענטש, עיניט, סעם?

אז ער ענדיקט דערציילן וועגן פאָרמאַן, בלייבט ער שטיל אַף א ווייל. ער קוקט אַרונטער צום שניי און דאָס פּנימל זיינס שמייכלט. נאָר באַלד דערמאָנט ער זיך אָן עפּעס, וואָס איז אויך א טייל פון זיין היינטיקער פרייד:

— 'סט געהערט, סעם? אין דער „טרייענגל" איז'ן אַרויס אין סטרייק. מ'עט באַ אונז אויך סטרייקן, סעם?

אים, שוסטערלען, איז זייער געפעלן, וואָס מ'סטרייקט אין אַנדערע שעפּער. וואָרים דעמאָלט מאַכט מען אויף די אַרבעט פון די סטרייקנדיקע שעפּער אין זיין שאַפּ — און ס'שוסטערל איז שוין באַזאָרגט מיט „פּלענטי אָבערטאַים". איין זאַך אָבער באַאומרואיקט אים א ביסל:

„מ'עט באַ אונז אויך סטרייקן, סעם?"

יענער ענטפערט אים ניט. מיטאַמאָל גיט זיך שוסטערל א רוק אָפּ פון אים, ווי ער וואָלט זיך פּלוצים דערוואוסט, אז דער אַרבעטער, וואָס גייט מיט אים אַצינד זייט באַ זייט, ליידט פון א געפערלעכער אָנשטעקנדיקער קראַנקהייט. ער פאַרקוקט אים ווידעראַמאָל אין פּנים און, ווען ער דערזעט יענעמס קוים־מערקבאַר שמייכעלע, ווערט אָטאָמאַטיש זיין אייגן שמייכעלע פאַרשוואונדן, דער קאָליר אַף זיין פּנימל הויבט זיך אָן מיניען פון שרעק און זיין פרייד ווערט מיטאַמאָל אינגאַנצן אויסגעוועפּט אין אים. עפּעס א פיינ־לעכער, אומהיימלעכער אומעט כאַפּט אים מיטאַמאָל אַרום. ער פינטלט א צעטראָגענער גיך־גיך מיט די וויעס, שנייצט די נאָז זייער אָפּט ווי א וויינער־דיקע אידענע און אין זיין מוח הויבט זיך אָן ראָיען א געדאַנקעלע, ווי א ווערעמל אין א קופּע הנאָי:

„ניין, ער וועט ניט סטרייקן, שוין פאַרזוכט אמאָל דעם טעם פון סטרייקן — נאָ מאָר."

און צוריק גערעדט:

„פאַר וועמען זאָל ער זיך דאָ איינשטעלן? פאַר די שפּאַנישע שקצים, האַ?! אז מ'עט פאַרלירן דעם סטרייק, וועלן זיי זיך אפשר צונויפלייגן און אים קויפן אַ שיפסקאַרטע, האַ?!"

פאַרנומען מיט זיינע געדאַנקען, פילט ער שוין אפילו ניט, ווי סעם נעמט אים אָן באַ אַ ברעג אַרבל, ציט אים צו און טראָגט אים אונטער אַ פויסט אונטער דער נאָז:

— מ'עט ברעכן אַ ביין, שוסטערל, וואַטשאַוט!

:: :: ::

שפּעטער, נאָך אינעם זעלבן פרימאָרגן, ווען מען אַרבעט ערשט אָפּ אַ פּאָר שעה אינעם שאַפּ, צעקלינגט זיך דער גלאָק ניט אין דער געוויינלעכער צייט. דאָס שטריקל פונעם גלאָק ציט דעמאָלט ניט דער „טיים־קיפּער", נאָר גראָד סעם. און זייער מאָדנע קוקט דעמאָלט אויס סיי אָט דער וואוקסיקער בלאָנדער יונג, וועמען ס'פאָלגן די אַרבעטער פון שאַפּ, סיי דער גאַנצער אַרום. ס'דוכט זיך, אז דער הימל האָט אויך געוואַרט, ביז סעם וועט אָנהויבן ציען דאָס שטריקל פונעם גלאָק, און אַ סימן וועט דאָס זיין, אז ער מעג שוין, דער הימל, ווידער אַמאָל אָנהויבן באַשיטן די שטאָט מיט שניי.

אין יענעם טאָג, פאַרנאַכט־צו, הויבט זיך אָן אַ זאַווערוכע אין שטאָט. די שיפן אַפן האַדסאָן וויינען דעמאָלט און באַקלאָגן זיך:

„תמיד וויקז מיר אין וואַסער, תמיד אין וואַסער."

לעבן אַ מויער, וואָס איז אודאי געווען אַמאָל געפּאַרבט מיט רויטן און קוקט שוין איצט אויס ווי אַ געמיש פון ראָזעווע מיט געלן, שפּאַצירן הין און צוריק, איינער אַנטקעגן אַנדערן, צוויי פּאַרלעך מענער מיט סטרייק־שילדן אַף די פּלייצעס און ברוסטן. די פּלייצעס זיינען באַ זיי איינגעהויקערט, דער קוק זייערער איז אַ זיכערער — נאָר אַ צעררייצטער. זיי זעען אויס ווי מענטשן, וועמען מ'האָט דאָס גאַנצע לעבן גענאַרט, נאָר איצט האָבן זיי זיך שוין גע־כאַפּט, אז מ'האָט זיי גענאַרט, און זוכן מיט צעררייצטע בליקן זייער אָפּנאַרער. איז שוין דערפאַר דער גאַנג זייערער אַזאַ עקשנותדיקער. ס'דוכט זיך, אז איינגעהויקערט אַזוי וועלן זיי שפּאַנען יאָרן און יאָרן הין און צוריק, ביז וואַנען זיי וועלן זייערס אויספירן — אַנדערש וועלן זיי פון דאַנען ניט אָפּטרעטן.

אַפן אַנדערן טראָטואַר, קעגנאיבער די פּיקעטס, שטייט אַ גרופּע

סטרייקערס אונטער אַן אָפּדעכל. אייניקע פֿון זיי שרייען זיך איבער מיט די פּיקעטס און כאַפּן אַלע ווײַלע אַ קוק צום אַנטקעגנדיקן מויער. נאָר אַט עפֿנט זיך דאָרט ברייט אויף די טיר, דער פֿאָרמאַן רוקט אַרויס דעם קאָפּ און זאָגט עפּעס דעם פּאָליציימאַן, וואָס שטייט אַפּן גאַניקל פּונקט אַנטקעגן דער טיר. באַלד שאַרן זיך אַרויס פֿון דאָרטן אַרום אַ צוועלף־פֿערצן סקעבס און לאָזן זיך צו די צוויי אָטאָמאָבילן, וואָס וואַרטן אַף זיי.

ס'איז שטיל, זייער שטיל אַצינד אינעם כמורנעם, פֿאַרשנייטן געסל. חוץ דעם שווערן כריפּען פֿון די אָטאָמאָביל־מאָטאָרן שווייגט אַלץ אַרום. אַפּילו די שיפּן לאָזן אויך פֿון זיך ניט הערן.

פּלוצים, גאָר אומגעריכט, רייסט זיך אַרויס אַ געלעכטער סיי פֿון די סטרייקערס, סיי פֿון די סקעבס וואָס זיצן שוין אין די אָטאָמאָבילן. זיי האָבן אַפּנים פֿאַרגעסן, אַז זיי זײַנען זיך שונאים אַצינד, און לאַכן מיטן זעלבן געלעכטער ווי אַלעמאָל ווען זיי טוען אַפּ עמיצן אין שאַפּ אַ שפּיצל.

ס'ווייזט זיך אַרויס: פֿאַרן שוסטערל האָט ניט געסטאַיעט קיין אָרט צווישן די סקעבס. לויפֿט ער דערפֿאַר אַרום פֿון אָטאָמאָביל צו אָטאָמאָביל אַ דערשראָקענער, אַ פֿאַרפּאַליעטער און בעט זיך מיט די אויגן באַם פֿאָרמאַן, ער זאָל פֿאַר אים געפֿינען אַן אָרט ערגעץ אין די אָטאָמאָבילן. זײַן גאַנצער אויסזען איז אַצינד ווי פֿון אַ שטשור, וואָס איז געלאָפּן מיט אַ מחנה אַנדערע שטשורעס פֿון אַ געפֿאַר, יענע זײַנען אין זייערע נאָרעס פֿאַרשוואונדן און איינער נאָר האָט געטראָפֿן זײַן נאָרע שוין אַ פֿאַרמויערטע און האָט ניט וואוהין זיך אַהינצוטאָן.

דאָס געלעכטער ווערט נאָך הילכיקער, ווען פֿון צווישן די סטרייקערס רוקט זיך אַרויס דער רוטענער דזשאַן מיט גרויסע אויסגעבויגענע וואָנצעס, ווי אַ פּאָדקאָווע, און שרייט אוים אַף זײַן לשון, וואָס איז אַ געמיש פֿון ענגליש, פּויליש און אוקראַיניש:

— קאָמאַן, שוסטאַ ! יאַ טיע דאָ דאָמו וו זאַדו פּאָוועזו !

שוסטערלען טרעפֿן אָט די ווערטער ווי מיט עפּעס אַ שווערער זאַך איבערן קאָפּ. ס'דוכט זיך אים, אַז דזשאַן האָט מיט די ווערטער געמיינט פּונקט דאָס זעלבע, וואָס סעם האָט אינדערפֿרי געזאָגט :

„מ'עט ברעכן אַ ביין, שוסטערל, וואַטשאַוט !”

אַפּילו שפּעטער, ווען ער זיצט שוין אין דערהיים, אין קיך באַם טיש, שטעכן אים נאָך אַלץ דעם רוטענערס ווערטער. ער אָטעמט אַריין אין זיך די קיך־לופֿט, וואָס שמעקט מיט באָרשטש און צוגעברענטע הרעטשענע גריפּן,

קוקט אַף דער באַלעבאָסטעס ברייטער פּלייצע און טראַכט פון דער גרויסער־גראָבער ווייב, וואָס ער האָט זיך היינט אינדערפרי פאָרגעשטעלט.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום דערמאָנט זיך די דזשעניטאָרן, אַז ער זיצט שוין אַ היפּשע צייט הינטער איר און זי האָט נאָך אַפילו קיין וואָרט ניט אויסגערעדט צו אים:

— ס'דער מער אַזוי פּרי, מיסטער יעלנער? — זאָגט זי און פּאָרעט זיך אַלץ באַם אויוון. — שוין ווידעראַמאָל סלעק?

ער ווענדט אָפּ די אויגן פון איר פּלייצע און הויבט אָן קוקן אין יענעם קיך־ווינקל, וואו ס'זיצט אויפן דיל דער באַלעבאָסטעס אַנדערהאַלבן־יאָריק מיידעלע. דאָס מיידעלע שפּילט זיך דאָרט מיט קאָלירטע פּאַפּירלעך, רעדט גיך־גיך אַף איר קינדערשער שפּראַך און סליונעט אַזש פון גרויס באַגייסטערונג.

די דזשעניטאָרן שטייט שוין אָבער ניט אָפּ פון אים. זי דערמאָנט זיך אין דעם שידוך, וואָס זי האָט אים אַמאָל „פּירגעהאַלטן", און ס'ווילט זיך איר זייער דער שידוך זאָל טאַקע אויסגעפּירט ווערן:

— מיסטער יעלנער — רוקט זי אים אַ גרויסן ציגענעם לעפל צום מויל — מיסטער יעלנער, פּאַרזוכט נאָר אומיסטן דעם באָר־רעשטש.

און אין אַ ווײַלע אַרום, נאָך אַלץ שטופּנדיק צו אים אין מויל דעם לעפל:

— סע נאָר אַ באָר־רעשטש? און קנישעס סטאַקאָם און אַ היימישע זאַ־טירקע קען זי דען ניט מאַכן פון גאָלע גאָרניט?! מ־מ, מ־מ, ס'אַ פּאָר גילדענע הענט זי האָט!

און דעמאָלט, ווען ער וויל שוין אָננעמען דעם לעפל און פּאַרזוכן דעם „באָר־רעשטש", גיט אַ ציטער זיין האַנט און פּאַלט אַראָפּ אַ מאַכטלאָזע אויפן ווייסן עמאַלירטן טיש. דער קאָפּ זיינער הויבט אָן זינקען אַרונטער, שפּאַרט זיך אָן אָן דער זעלבער האַנט און אַ משונהדיק געוויין צעטראָגט זיך איבער דער קיך. דאָס וויינען זיינס איז ווי דאָס סקאַוואוטשען פון אַ הינטל, וועמען מ'האָט איבערגעבראָכן אַ פיסל.

ער וויינט אַצינד אַף דעם, וואָס ער וועט צוליב מורא פאַר פּעטש ניט גיין מאָרגן סקעבן און קען נאָך דערפאַר פאַרלירן דעם דזשאַב. אין זיין כּליפּען רעכנט ער דערווייל אויס וויפיל געלט ער פאַרמאָגט און, אויב ער וועט פאַרלירן דעם דזשאַב, צי וועט אים קלעקן געגנוג געלט אַף צו פאָרן אַהיים. פון אָט דעם געדאַנק אַליין ווערט נאָך הילכיקער זיין געוויין און דאָס שטעטל, וואָס האָט ערשט אינדערפרי אים צוגעזאָגט אַזויפיל פרייד, ווערט אים נאָך

טייערער און דאָך רוקט זיך עס אָפּ פון אים אַלץ ווייטער און ווייטער...

וואָס העכער ער ווײַנט, אַלץ מער שרעקט זיך דאָס קינד. און ווען ער ניט מיטאַמאָל אַ מאָדנע מין הילכיקן כליפּ, קען זי שוין מער ניט אויסהאַלטן, פֿאַרקרימט דאָס פּיסקל און צעוויינט זיך אויך.

לאַנג ווײַנט זי אָבער ניט. ס'ווערט איר פּלוצים ביז גאָר טשיקאַווע אַ קוק צו טאָן, ווי אַ דערוואַקסענער מענטש ווײַנט. זי גיט אַ פּאָר מאָל אַ קוק מיט די פֿאַרוויינטע אייגעלעך אױף דער מוטער און הויבט זיך אָן רוקן אַפֿן געזעסל צום טיש צו, וואו שוסטערל זיצט. אַז זי רוקט זיך שוין צו אים צו, כאַפּט זי אָן זײַנעם אַ פּוס, ציט אַרויף דאָס קערפּערל צו זײַן קני און פּרוּווט אים פֿאַרקוקן אין פּנים. מיטאַמאָל צעהעצקעט זי זיך, הויבט אים אָן ציען באַ אַ פּלודער און ווײַזט אים מיט אַ פֿינגערל אַרונטער אַפֿן דיל, וואו ס'איז געבליבן שטיין אונטער איר אַ קליין קאַליזשקעלע:

— טע־טי! — שרײַט זי גאָר אַ באַגײַסטערטע — טע־טי! הי־הי — פּי־פּי!...

# לאַנדסלייט

ערשט מיט א וואָך צוריק, אין א זונטיקדיקן פאַרנאַכט איז דאָס געווען:

— בעסי — האָט ער איר דעמאָלט געזאָגט — בעסי, מיר'ן נעמען א רום און גיין וואוינען אינאײנעם, ס'עט זיין גוט, בעסי, 'סט זען.

פון זיין גאַנצער דרשה, וואָס ער האָט זיך געגרייט האַלטן פאַר איר, האָבן זיך בלויז נאָך עטלעכע ווערטער קוים מיט צרות אַרויסגעקראַבקעט פון זיין האַלדז און זיך ווי פאַרשעמט פאַר זייער אייגענער דרייסטקייט:

— צו קיין רב 'עלן מיר ניט גיין, בעסי, סע ניט שיין, מ'עט פון מיר לאַכן אין קלאַב.

זי, בעסי, א פיר־און־צוואַנציק יאָריק מיידל, שוואַרץ ווי א ציגיינערטע, האָט א גלאַנץ געטאָן מיט אירע אויגן, וואָס זיינען תמיד ווי מיט עפּעס א פעטקייט אָנגעגאָסן; זי האָט אַראָפּגענומען זיינע הענט, וואָס האָבן זיך פאַרטשעפּעט אָן איר קאָפּטל, און געענטפערט דערויף פויל, מיט א געפּעסטעטע קול:

— ניטע, הערי, ניטע!

אין א ווײַלע אַרום האָט זי זיך שוין אויפגעהויבן פונעם דיוואַן, אויף וועלכן זיי זיינען ביידע א היפּשע צייט געזעסן, און איז צוגעגאַנגען צום פענצטער. באַם פענצטער האָט זי מיט דער שפּיץ צונג באַנעצט א פינגער, געפּרואווט מיטן פייכטן פינגער אָנשרייבן איר נאָמען אויף דער שויב, און סוף כל סוף זיך אַריינגעזעצט אין א ווייכן שטול פונקט אַנטקעגן אים. פונעם צווייטן צימער האָט זיך געהערט אָהער דאָס שווערע כראָפּען פון איר טאַטן, וואָס האָט זיך נאָך מיטאָג־צייט צוגעשפּאַרט כאַפּן א דרימל.

אים, הערין, האָט אָט דאָס שנאָרכן געררייצט און געעקלט. געדוכט האָט זיך אים, אַז דער אַלטער בייזערט זיך אויף אים, וואָרנט אים:

„טשעפּע ניט מיין טאָכטער, זאָגט מען דיר, טשעפּע ניט!"

פונעם אַלטנס שנאָרכן האָבן זיך די געדאַנקען אין זיין מח צעמישט און דערפאַר, אפנים, איז ער שוין געזעסן נאָכדעם די גאַנצע צייט און געשוויגן. פון הויז איז ער שוין אויך אַוועקגעגאַנגען א שווייגנדיקער.

ערשט אין דרויסן, ווען ער האָט אריינגעאָטעמט אין זיך די אָוונטדיקע ערב־פרילינג־לופט און יעדער אבר אין אים האָט אָט־די לופט דערפילט, האָט ער אָנגעהויבן רעדן. אָן אָנגעכמורעטער, א ברוגזער, האָט ער געפּאָכעט מיט די הענט, גיך־גיך גערעדט און אפילו ניט א קלער געטאָן, אז ער רעדט שוין איצט בלויז מיט זיך אליין:

— ס׳מיינט זי, ער׳ט איר נאָכלויפן, הא? ! מ׳האָט שוין געזען אזא קליידל!

ער האָט אזוי א גאנצע וואָך, נאָך יענעם אָוונט, געהאלטן אין איין איינטענהן מיט זיך, זיך אליין איבערצייגן, אז אזא „בארגן" ווי זי, בעסי, קען ער „עני טאים" קריגן. ער האָט אפילו זיך געשוואוירן מיט אלערליי שבועות, אז אין הויז צו איר וועט ער שוין מער קיינמאָל ניט גיין:

„זאָל ער זיך די פיס צעברעכן, אויב ער וועט ווען ס׳ניט איז אריבער־טרעטן איר שוועל!"

שוין אָפּגערעדט דערפון, אז רעדן צו איר וועט ער שוין אייביק ניט:

„זאָל ער שטום ווערן, אויב ער וועט אפילו א וואָרט איר זאָגן!"

פונדעסטוועגן, היינט, אינעם זונטיקדיקן נאָכמיטאָג, שטייט ער שוין ווידער אינעם טונקעלן קאָרידאָר הינטער איר טיר. ער שנייצט זייער אָפּט די נאָז, גיט פון צייט צו צייט א ליטיש הוסטעלע אין פויסט אריין און חזרט איבער אין די געדאנקען די נייע דרשה, וואָס ער האָט זיך צוגעגרייט פאר איר האלטן:

— נו, גוט — וועט ער איר זאָגן — נו גוט, מיר׳ן זיך גיין רעדזשיסט־רירן אין קאָורט, אָרייט!

זיין געזונט אכט־און־צוואנציק יאָריק פנים וועט זיך מיטאמאָל צע־שמייכלען, אזוי אז די קלייענדיקע, עטוואָס פאררויסענע נאָז זיינע וועט זיך נאָך מער פארנייסן און זיינע גרוילעך־בלויע אויגן וועלן מיט א פייכטער פליווע פארצויגן ווערן:

— נארעלע — וועט גאָר א פריילעך קול זיך ארויסגערגלען פון זיין האלז — נארעלע, פּראָפעסאָרס ווערן שוין היינט קאָמוניסטן. יע, יע, פּראָפעסאָרס ווערן שוין קאָמוניסטן!

און באלד, ווי נאָר ער וועט פארטיק ווערן מיט די „פּראָפעסאָרס", וועט ער זי אָננעמען בא א האנט, הוידען איר האנט הין און צוריק, זיין פנים וועט ווערן זייער ערנסט און א דריבנער שוויים, ווי טוי, וועט באזעצן זיין שטערן. נאָר פלוצים וועט זיין פנים זיך צעשטראלן מיט גאָר א גליקלעך

שמייכעלע, און ווי אַ קינד, וואָס האָט זיך נאָר וואָס אויסגעלערנט אַ ניי וואָרט אַרויסרעדן, וועט ער אין איין אָטעם אַרויסזעצן:

— בעסי, זאָל איך אַזוי לעבן, בעסי, רעליגיע איז — ס'איז — רעליגיע איז דאָופּ, בעסי — ס'אַ פּאַסקודנע דראַג אַזאַ!

אַ דערלייכטערטער פון דעם, וואָס ער איז שוין פּטור געוואָרן פון די „שווערע" ווערטער, וועט ער זיך נאָכדעם ווישן דעם שוויים פונעם פאַר־פּאַליעטן פּנים. ער וועט איר אַריינקוקן אין די גלאַנציקע אויגן און באַ זיך זיכער זיין, אַז ער האָט זי „איינגענומען" מיט די „שיינע" ווערטער און זי וועט שוין אָן שום טענות חתונה האָבן מיט אים, טאַקע נאָר אויף אַזאַ אופן ווי ער וויל. יעדער מוסקול אויף זיין פּנים וועט שמייכלען דעמאָלט מיט אָן אַ שיר גוטע שמייכעלעך. בלויז די עטוואָס־פּאַרריסענע נאָז זיינע וועט ווי אַ מיוחסדיקע מחותנתטע פון יוצא וועגן אַ קוים־מערקבאַרן שמייכל טאָן און ווי אַ זינגערן זיך רייצן מיט אָט־דעם שוואַרץ־חנעוודיקן מיידל:

„נו, זעסט שוין, ווער איז געוועבט?"

דערווייל אָבער שטייט ער נאָך אַלץ הינטער דער טיר, האַלט אין איין שנייצן די נאָז, גיט אַפילו אַ פּאָר מאָל אַ פיר מיט אַ פינגער איבער די נאָזלעכער, צי ס'איז שוין דאָרט אַלץ אין אָרדענונג, און וואַגט נאָך אַלץ ניט אָן דער טיר אָנקלאַפּן.

דאָך, אין אַ ווײַלע אַרום, גיט ער אַ לעצטן שנייץ אויס די נאָז, ער רייניקט דורך דעם האַלדז מיט אַ פּאָר דריבנע הוסטעלעך און קלאַפּט אָן סוף כל סוף אָן דער טיר. פון יענער זייט טיר ענטפערט מען ניט אַזוי גיך. באַלד אָבער דערהערט זיך אַהער אַן אויסגעצויגענער יאַדעשליוועער הוסט און טריט ווי פון שטעקשיך הויבן אָן שקראָבען און זיך דערנענטערן צו דער טיר.

כמעט אין דער זעלבער צייט, ווען די טיר עפנט זיך, גיבן אַ שימעריר אַ פּאָר פּענסנע־שייבלעך, און אַ איד מיט אַ מויל, וואָס איז גערדיכט באַוואַקסן אַרום און אַרום מיט שוואַרצע האָר, בלייבט שטיין באַ דער טיר:

— האַ, סע דו, הערשל? נו קום אַריין, קום אַריין, שטיי ניט אויף דער שוועל!

פון צעטראָגנקייט אַפּנים שטעקט דער יונג אַריין דעם קאָפּ אין שטוב, גיט דאָרט אַ נישטער מיט די אויגן, כאַפּט אַרויס דעם קאָפּ און פאַרשעמט זיך ווי אַ אינגל:

— ניטאָ באַסקע?

— ט'נאַר וואָס איז זי אָראָפּגעגאַנגען, באַסקע, ט'נאַר וואָס. ס'סט זי ניט באַגעגנט אין סטריט?

נאָכדעם, ווען זיי גייען שויןביידע אין „פּאַרלאָר", ווערט באַם אידן דאָס מויל גאָר רירעוודיק און ס'האַלט אין מוסרן הערין:

„ניין, זאָל ער אים זאָגן, הערשל: וואָס זשע, אַז באַסקע איז ניטאָ, דאַרף ער שוין אַוועקגיין, האַ? נישקשה, ס'מעג אים אָנשטיין קומען אַמאָל גלאַט אַזוי צו אַ לאַנדסמאַן. אים, הערשלען, דאַרף ער דאָך ניט דערציילן, ווער ער איז פון דר'היים, און שעמען זיך מיט אים איז ניטאָ וואָס — בנאמנות ניטאָ וואָס."

ער איז אַ קלוגער איד, בעסים טאַטע: אָט אַזוי־אָ, האַלט ער, מיט „הארציקע" רייד, וועט ער דעם יונג „אויסרויכערן" פון הויז.

— ט'נאַר וואָס איז זי אַוועקגעגאַנגען — זעצט ער הערין אַוועק מיט גרויס גאַסטפריינטלעכקייט אַפן דיוואַן און זעצט זיך אויך אַריין אינעם אַנטקעגנדיקן ווייכן שטול — ט'נאַר וואָס.

ער גיט מיט ברייטקייט אַ גלעט דאָס בערדל, שלעפּט אַרויס פון דער אויבערשטער וועסטל־קעשענע אַ רויט קעמעלע און מיט אַ נחת־זיפּצעלע הויבט ער אָן אַרומקעמען די האָר אַרום דער בלויער גוליע, וואָס געפינט זיך באַ אים אַף דער מאָרדע.

— כ'ווייז — זאָגט ער און קוקט אַף אַ האָרעלע, וואָס ער האָט נאָר וואָס אַרויסגעריסן לעבן דער גוליע — כ'ווייז, אַז ער איז געקומען, דער פּלימעניק מיינער, דער לאָיער, און זיך אָנגעטשעפּעט אָן איר, זי זאָל נאָר גיין מיט אים צו אַ בר־מצוה פּאַדי, איז זי געגאַנגען.

פּאַוואָליע, ניט געבאַפּט, גיט ער אַ זייטיק קוקעלע צום בחור און מיט אַ קול, ווי מ'רעדט צו אַ היימישן מענטשן, ווען מ'ווייסט ס'וועט פרייען אַ פריינטס גליק, ווענדט ער זיך צו אים:

— אייסיך, אַניט קער זי דען פאַר אים? ס'רעדסטו! אַ דאָקטאָר לויפט איר נאָך און זי וויל אים אויך ניט, די נארישע מויד — דאַרף זי האָבן דעם פּלימעניק מיינעם?

אָפּגעטאָקט אַ פּאָר ליגנס, צעשמייכלט ער זיך. ער איז שוין באַלד פּאַרטיק מיטן בחור. נאָך אַ פּאָר ווערטער און זיין אַרבעט איז פאַרענדיקט:

— האָסט אַ דאגה, כ'האָב שוין מיט איר איינמאָל געטראָפן!

און דער עיקר:

— זי'ט שוין באַ מיר ניט נעמען גלאַט אַבי וועמען!

אָפּגעזאָגט דאָס, לייגט ער אַריין דאָס קעמעלע אין אויבערשטן וועסטל־קעשענקעלע און נעמט זיך שוין צו די פּענסנע. באַם אַראָפּנעמען די פּענסנע פון דער נאָז פאַרשווינדט אָבער מיטאַמאָל זיין צופרידן שמייכעלע. אַ טיפע זאָרג צעלייגט זיך אין די קנייטשן, וואו ס׳האָט ערשט אַ פרייד גערוט, און זיין גאַנצער אויסזען ווערט דערשלאָגן.

ס׳איז שוין כמעט אַלע מאָל אַזוי: ווי נאָר ער רירט אָן די פּענסנע, דערמאָנט ער זיך, אַז ער איז אַמאָל אַ גרויסער נגיד געווען און זיי, די פּענסנע, זיינען אַ זכר פון זיין אַמאָליקער רייכקייט. אָט דער „זכר" פירט אים שוין אויך אַרויף אַף אַנדערע געדאַנקען. ער דערמאָנט זיך דעמאָלט, אַז מיט אַ יאָר דרייצן צוריק, בעת ער האָט פאַרלאָזט זיין אוקראַינער שטעטל, האָט ער זיך גאָרניט אַזוי סוחריש אויסגעהאַנדלט:

„ניין, זאָל ער ווידער אַמאָל אַ טראַכט טאָן: וואו איז געווען דעמאָלט זיין קאָפּ? וואָס הייסט, אַ מענטש נעמט מיט די אייגענע הענט און בייט אויס גאָלדענע פינפערלעך און צענערלעך אַף ניקאָלאַיעווער שמאַטעס — אַף „טאַקערלעך" און „קאַטערינקעס"? אדרבא, וואו זיינען זיינע געהירן געווען?"

צום סוף, ווען ער ווערט שוין מיד צו טראַכטן, קומט אַלעמאָל אַ בייזער שפּיי און נאָך אַ בייזערער וואָרטשע:

— טפו! אָט, אַפּנים אָן אמתע בהמה געווען — אַ בהמה בצורת פערד!

נאָך אָט דעם סך־הכל פון זיך אַליין, קלערט ער שוין מער ניט פון דעם, וואָס ס׳האָט מיט אים געטראָפן מיט אַ יאָר דרייצן צוריק. מיטן „בהמה בצורת פערד" צאָלט ער זיך אָפּ אַ חוב און איז קווים. — מער טשעפּעט ער זיך שוין ניט צו זיך...

די פּענסנע זיינע טוען אים אָבער אָן נאָך אַנדערע צרות:

אין יום־טובדיקע טעג, אין שבתים און אין זונטיקדיקע נאָכמיטאָגס, ווען ער ווערט פאַרטיק אין מאַרק, וואו ער פּעדלט מיט רעשטלעך זיידנס, האָט ער ליב זיך אָנטאָן פאַרגעניגן און אַרויפזעצן אַף דער נאָז די פּענסנע, וואָס רוען אַ גאַנצע וואָך אין אַ שופלאָד:

„אָט זאָל מען אַ ביסל הנאה האָבן פונעם לעבן, עלעהיי מ׳איז אין דר׳היים, אין יוראָפּ."

זיין פאַרגעניגן ווערט שוין אָבער ווידער אַמאָל געשטערט. באַם „עלעהיי מ׳איז אין יוראָפּ" דערמאָנט ער זיך אָן אַ בריוול, וואָס ער האָט ניט לאַנג

צוריק געקראָגן פון א צווייטן אָפּגעקומענעם נגיד פונעם זעלבן שטעטל, און ס'באַקומט אים שוין ווידער אַמאָל ניט ס'לעבן. ער פאַרקרימט דעמאָלט דאָס מויל, ווי ער וואָלט זיך פון עפּעס געמיאוסט, און הויבט אָן לייענען אויסנווייניק עטלעכע שורות פונעם בריוול:

„. . . און מיט מיין עשירות, דוד", לאָזט אים וויסן זיין לאַנדסמאַן, „האָב איך נאָך גוט אָפּגעשניטן. א קרוב מיינער האָט מיך אויסגעטרעבעוועט קיין לוגאַנסק און מיך אוסטראָיעט אין א פאַבריקע. בין איך דאָרט א סטאָראָזש אין דער פאַבריקע. איינגיכן וועל איך ווערן א טשלען אין סאָיוז און שוין טאַקע זיין א פּאָלנאָפּראַוונע ראַבאָטשי."

— טפו! — שפּייט ער נאָכדעם אויס מיט א מינע, ווי די ווערטער, וואָס ער האָט נאָר וואָס אַרויסגערעדט, וואָלטן געווען פליגן, וואָס האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין זיין מויל. — טפו! מיט וואָס א מענטש איז צופרידן, נו, נו!

איצט, ווען ער הוקעט אף די פּענסנע־שייבלעך, טראַכט ער פון זיין אַמאָליקער עשירות, פון די גאָלדענע פינפערלעך און צענערלעך און פונעם בריוול, וואָס ער האָט געקראָגן פון יענעם אָפּגעקומענעם גביר. די פרייד, וואָס איז נאָר וואָס געלעגן צווישן די קנייטשן פון זיין פּנים, איז שוין איצט ניטאָ. פון צייט צו צייט כאַפּט ער א קוק אף העריז און אים דוכט זיך, אַז אונטער דער הויט פון יענעמס פּנים ליגט א נקמה־געלעכטערל באַהאַלטן.

ביסלעכווייז שאַפט זיך בא אים א געפיל, אַז הערי קומט אומיסטן אַהער זיך שדכנען צו זיין טאָכטער, כדי ער, הערי, זאָל אַזוי אַרום זיך קענען רייצן מיט אים און אָפּלאַכן פון זיין איצטיקער אָרעמקייט. אין זיין מח בליצט אפילו אויף א משוגענער געדאַנק, אַז דעם בחורס שדכנען זיך צו זיין טאָכטער איז א שפּיצל — א שפּיצל פון דער באָד־גאָס. די באָד־גאָס וויל נעמען נקמה פון אים, ווייל אונטערציען דעם לעצטן סך־הכל — האָט זי אונטערגעשיקט העריז, אירן א מענטשן, ער זאָל דאָס טאָן.

זיין שטענדיקע פיינטשאַפט צום בחור דערפאַר אַליין, וואָס ער, א יונג פון א „נידעריקן" שטאַם, וואַגט זיך צו שדכנען צו זיין טאָכטער, צעוואַקסט זיך אַצינד אין א מוראדיקן האַס און ער דערפילט א שנאה צו אים, ווי צו זיינעם א בלוטיקן שונא:

— נ־נאַ! — גיט ער א קלאַפּ מיט דער צונג אָן גומען און הויבט אָן ווישן מיט א טיכעלע די פאַרהוקעטע פּענסנע־שייבלעך. — נ־נאַ! און דיין

ראבאטשי נאראד, הערשל, פעבנעט שוין ווידער אמאל, בא סטאלינעו, אפן פיסק! ׳סט היינט געלייענט דעם פייפער?

באלד טראגט ער אונטער די פענסנע נאענט צו דער נאז, פארזשמורעט אן אויג און מיטן אפענעם קוקט ער זיך גוט איין אין די קלארע אויסגעווישטע שייבלעך:

— נו, און בריוו פון דיין פעטער בערטשיק, דעם שטריקלדרייער, קריגט עפעס דיין מאמע? ס׳קער אים שוין אודאי ניט אנשטיין צו שיקן א בריוול דער שוועסטער זיינער, הא, הערשל?

און ארויפזעצנדיק די פענסנע אף דער נאז:

— א קלייניקייט, גלאוונע גוברנאטאר אין קאליבעלאט, פערווי קאמיסאר!

שוין, ס׳איז אים גרינגער געווארן, ער האט „ארייננעזאגט" דעם בחור, איז אים אפגעגאנגען דער כעס... א בארואיקטער קנאקט ער זיך שוין אויס די פינגער פון די הענט, גענעצט און קלאפט צו מיט די ציין יעדן מאל, ווען ער לאזט ארויס א גענעץ, פונקט ווי א הונט ווען ער כאפט פליגן.

מיט א פנים, וואס איז פארשלאפן פון לאנגווייל, זיצט הערי און שוויגט די גאנצע צייט. ער כאפט זייער אפט א קוק אט אפן אלטן, אט אף בעסים בילד, וואס הענגט אף דער אנטקעגנדיקער וואנט, און קען בשום אופן ניט קומען צו א באשלוס ווער אין וועמען איז געראטן: דער פאטער אין דער טאכטער, צי פארקערט?...

„שא, לאז ער נאר זען: זי האט אויך אזעלכע גנבהשע אויגן, ווי דער אלטער תרח, צי ניט?"

אז ס׳ווערט אים נמאס צו פארגלייכן בעסין צו איר טאטן, ווענדט ער די אויגן צו אן אנדער וואנט־ווינקל פונעם צימער און פארטיפט זיך ביז גאר אינעם לייטענעם הירשן־קאפ, וואס האט אפגעקאלופעטע הערנער. אליין א טאפעצירער, איז ער אלעמאל, ווי נאר ער זעצט זיך ארייין אין א ווייכן שטול, זייער נייגעריק צו וויסן, צי ס׳איז א גוט שטיקל ארבעט. דער־פאר אפנים האלט ער אין איין גלעטן דעם „ארעם" פונעם דיוואן, רוקט די האנט אפשר צום צוואנציקסטן מאל אונטער דעם דיוואן־דנא און איז גראד צופרידן, וואס דער דיוואן איז ניט פון די ערשטקלאסיקע:

„מ׳האט אים אפגענארט, דעם אלטן. א קאנסטראקשאן ספרינג האט׳ן אים ארייינגערוקט."

נאָר אַט דערהערט ער פּלוצים זיין פּעטער בערטשיקס נאָמען דערמאָנען. ער צעעפנט דאָס מויל און גיט אַ ציטער, ווי פון שלאָף:

— האַ, וואָס? בריוו פון פּעטער בערטשיק? שור שרייבט ער.

פּופּטערנע כאַפּט ער אויף דעם זין פונעם אַלטנס גאַליקע רייד און אַ מוראדיקן כעס צום אַלטן דערפילט ער אין יעדן אבר. פון גרויס פאַר־לעגנהייט, וואָס ער קען ניט דעם אַלטן גוט אָנזידלען, קוקט ער צעמישט אַט אויף בעסיס בילד, אַט אויף איר טאַטנס פּנים, און ס׳הויבט זיך אים אָן דוכטן, אַזביידע האָבן איין פּנים. ס׳דוכט זיך אים שוין אפילו, אַז די שוואַרצע גלאַנציקע אויגן אויף דעם בילד קוקן אַרונטער צו אים מיט דער זעלבער פאַרבאָרגענער שנאה, ווי דעם אַלטנס אויגן.

אין אומרואיקער, אַ צעררייצטער, זיצט ער נאָך אַ קורצע ווײַלע און פאַר־לאָזט באַלד דאָס הויז. דער אַלטער באַגלייט אים אין קאָרידאָר אַריין אַזש ביז די שטיגן, קלאַפּט אים איבער דער פּלייצע און בעט זיך ממש בא אים:

„נישקשה, הערשל, מעגסט אַמאָל קומען צו אַ לאַנדסמאַן, ס׳מעג דיר אָנשטיין!"

אין דרויסן פּילט זיך דעמאָלט די קילקייט פונעם סוף־מערץ פאַרנאַכט. ווייט, ווייט צווישן טורעם־שפּיצן און פאַבריק־קוימענס גליטשט זיך אַ גרויסע זשאַרענדיקע זון און ווערט דאָרט ערגעץ פאַרפאַלן. אַרום און אַרום איז דער הימל מיט ראָזעווע וואָלקנס באַזוימט און זאָגט אַזוי אַרום אָן דער שטאָט, אַז באַנאַכט וועט אַ לייכט פרעסטעלע נעמען.

איבער צעבראָכענע טראָטואַרן, אונטער אַ יום־טובדיקן הימל, שפּאַנט איצט הערי אַן אויפגעברויזטער, אַ צעטראָגענער. אין זיין געזונטער ברוסט נאָגט אים עפּעס אַ בענקשאַפט, נאָגט אַזש ביז ווייטיק. נאָר וואָס ווייטער ער גייט אָפּ פון הויז, ווערט ער רואיקער. אים דוכט זיך, אַז דער היינטיקער טאָג איז אַזאַ לאַנגער געווען — דער היינט איז גאָר נעכטן געווען און ווייט און פרעמד איז אים דער היינטיקער טאָג. זי, בעסי, איז שוין אויך ווייט און פרעמד צו אים — פרעמד ווי אַ פאַרבייגייענדיק מיידל. פון זיינע געפילן צו איר איז געבליבן בא אים בלויז די באַוואונדערונג איבער איר שיינעם קערפּער־געבוי, אָבער אפילו דאָס איז שוין אויך ווי צו סתם אַ פאַרבייגייענדיק מיידל:

„אַ שעיפּ דאָס האָט, דערהרגעט זאָל עס ווערן!"

# אין קלעם

כמעט פון אינדערפרי אָן, זינט די טאָכטער זיינע, דאָס צוואַנציק־יאָריק מיידל מיט די גרויסע אומעטיקע אויגן, האָט געפּיקעט זיין אייגענעם שאָפּ, דרייט ער זיך אַרום אַ מרה־שחורהדיקער, אַ צעטומלטער.

איצט, שוין פאַרנאַכט צו, שטייט ער בײַ זיך אין דערהיים, אינעם מיידלס צימער, האַלט דאָס ברוינלעכע בערדל פאַרריסן קעגן בילד פון זיין פאַרשטאָרבענעם ווייב און שעלט זי, דאָס ווייב, גלייך זי וואָלט געשטאַנען אַצינד אַ לעבעדיקע לעבן אים:

— שרה, ס'זאָל אַ רוח'ן דיין האַרצן אַריין, שרה! האָסט מיר קאַליע געמאַכט די מויד, שרה!

כדי זי זאָל טאַקע וויסן קלאָר וואָס ער מיינט דערמיט, גיט ער באַלד צו:

— אין די קאַלעדזשעס האָסטו זי געהייסן שיקן, נאָר אין די קאַלעדזשעס! ס'האָט מיר געפעלט טראָבל, שרה!

די טויטע ווייב זיינע, אַ אידענע מיט בייזע קאָסאָקע אויגן, קוקט זייער אויפמערקזאַם אַף דער באַגילדעטער ראַם פון איר אייגענעם פּאָרטרעט, זי הערט זיך ווי אומגעדולדיק איין אינעם מאַנס רייד און ס'דוכט זיך, אַז זי וויל אים מיט עפּעס אָפּענטפערן, ווייל אים געבן אַ גאָב ער זאָל זיך מער ניט טשעפּען צו איר:

„אַלטער נאַר, איינגעזונקען זאָלסטו ווערן! טשעפּע זיך אָפּ פון מיר!"

נאָר אַז ער גיט אַ טיפן זיפץ און קערט זיך אָפּ פונעם בילד, דוכט זיך שוין, אַז אירע בייזע, קאָסאָקע אויגן זיינען געוואָרן עטוואָס מילדער, אַז זי קוקט נאָך מיט אַ זייטיק קוקעלע דעם מאַן אירן און פּרוּווט זיך פאַרענטפערן:

„אַז וואָס בין איך דאָ שולדיק, שלום, כ'האָב דען געמיינט עפּעס שלעכטס?"

ער, דער מאַן אירער, שלום, וואָס גייט תמיד מיט דריבנע, פאַרזיכטיקע טריטעלעך, ווי יעדער טראָט זיינער וואָלט ווערט געווען אַ פּאַרמעגן, שפּאַנט שוין אָבער אַצינד הין און צוריק איבערן צימער און קוקט זיך מער ניט אום אַף איר.

פון יענער זייט פענצטער, ערגעץ ווייט־ווייט, זעצט זיך שוין דעמאָלט די אָנהויב־זומערדיקע זון. צעבראָכענע שטראַלן קלעטערן איבער די הויכע, שטאָלטנע טאָפּאָלן, וואָס באַוואַכן דאָ דאָס שטילע, זויבערע געסל. עטלעכע

שטראַלן כאַפּן זיך אַריין דורכן פענצטער אין צימער אַריין, זיי גיבן אַ צאַנק אַפן פּאָרטרעט — און לעשן זיך באַלד אויס.

פונעם צווייטן צימער, פון דער קיך, דערטראָגט זיך אַהער פון צייט צו צייט עפּעס אַ מאָדנע בראַזגעריי. יעדעס מאָל, ווי נאָר ער דערהערט אָט דעם טומל, גיט ער זיך אַ צאַפּל, הייבט אָן שוויצן און צעשרייט זיך צו דער קיך־טיר צו:

— מלכה, ׳סט שוין דאָרט אַמאָל אויפהערן טראַסקען, מלכה ? !

עטוואָס אָנגעבויגן איבערן ווייסן־עמאַלירטן קיך־טיש שטייט איצט אין קיך מלכה, דאָס צווייטע ווייב זיינע, וואָס האָט תמיד אַ שוויסיק־פאַרפּאַליעט פּנים, און קאַטשעט אויס אַ בלעטל לאָקשן. איר פּנים איז דעמאָלט מוראדיק ברוגז. אַלע ווײַלע ווי נאָר זי דערמאָנט זיך, אַז די קרעפּלעך זיינען שוין „פאַרסטופּעניעט״ געוואָרן, צעקאַטשעט זי גיך־גיך די קאַטשעלקע איבערן געלבלעכן שטיקל טייג ; די בלעכענע דעק פון טיש הייבט זיך אָן בויגן אַרויף און אַראָפּ און צעבראַזגעט זיך, ווי מ׳וואָלט עטלעכע גלעזער מיטאַמאָל אַראָפּגעוואָרפן אַף אַ שטיינערנעם דיל.

אָט דער טומל צערייצט אים און רעגט אים אויף כמעט ביז משוגעת. ער זעצט זיך אַוועק לעבן האַלב־רונדן טואַלעט־טישל, פאַרשטעקט מיט צוויי פינגער די אויערן און הייבט אָן באַטראַכטן דער טאָכטערס פאָרצעלייענע „שמאָכטעס״, וואָס געפינען זיך אַף דעם טישל. ביסלעכווייז פאַרגעסט ער אָנעם טומל, וואָס טראָגט זיך נאָך אַלץ פון קיך. ער נעמט אַרויס די פינגער פון די אויערן, נעמט מיט איין האַנט אַ פאָרצעלייען העלפאַנטל פון טיש, גיט עס אַ גלעט מיט דער צווייטער האַנט ווי ס׳וואָלט געווען אַ לעבעדיק באַשעפענישל, און צעשמייכלט זיך :

„אַ נאַרישע מויד — שפּילט זיך נאָך מיט צאַצקעס.״

אַז ס׳ווערט אים נמאס זיצן לעבן טישל, גייט ער צו צום אָפענעם פענצטער, שטעקט אַרויס דעם קאָפּ אין דרויסן און מיט זיינע גרויסע גרויע אויגן גיט ער אַ נישטער איבערן קלאָרן בלויען הימל. אַנטקעגן אים איז דער האָריזאָנט ווי מיט בלוט פאַרגאָסן. עטלעכע ערראָפּלאַנען פליען דאָרט און זעען אויס פון דאַנען ווי אַ גרויסער ראָזעווער סגל.

באַלד נעמט ער אַריין דעם קאָפּ צוריק אין צימער. ער גיט אַ לאַנגן, אויסגעצויגענעם געָנעץ און הייבט זיך אָן אויסקנאַקן די פינגער.

נאָכדעם שפּאַנט ער שוין ווידער מיט די זעלבע טריטעלעך הין און צוריק איבערן צימער. ער טראַכט דעמאָלט פון זיין צוואַנציק־יאָריק מיידל, וואָס

האָט אַ שמאָל־דאַר נעזל און אַ ברוינלעך קובליקל, וואָס קוקט אויס ווי אַ גרעאָטן בולקעלע.

און ס'דוכט זיך:

אָט, אָט וועט אָט־דער בריוט־ביינערדיקער איד זיך צעוויינען. און וויינען וועט ער אַ טאָג און צוויי און אפשר אַ גאַנצן מעת־לעת. אַ זייטיקן מענטשן וועט פון זיין כליפּען אומעטיק ווערן — אומעטיק און נודנע ווי פון אַן ענדלאָזן אָסיענדיקן רעגן.

שפּעטער, ווען די נאַכט באַזיגט שוין דעם בין־השמשות און ס'ווערט אינגאַנצן פינצטער, קומט צוגיין זיין אויסגעגעבענער זון. מיט אַ בליק פון זיינע בייזע, קאָסאָקע אויגן, וואָס קוקן אויס פונקט ווי זיין מוטערס, גיט ער אַ פאַרטשעפּע אין קיך די נייע פענצטער־גאַרדינען און אַ גרעסערע בייזקייט צעבליאַסקעט זיך אין אָט די אויגן.

„אַלע וואָך קויפט זי עפּעס אַנדערש — זי'ט אים אויסברענגען, דעם אַלטן!"

פון קיך גייט ער אַריין צום פאָטער, וואָס איז אין דער פינצטער אַנטשלאָפן געוואָרן זיצנדיק באַם טישל, און הייבט אים אָן וועקן:

— פּאַ — טאָרעט ער אים באַם אַקסל און לאָזט אַרויס עפּעס אַ משונהדיק גראָב קול — פּאַ, כ'האָב שוין אַטענדעט, פּאַ. פון ניו דזשוירזי וועט מען מאָרגן ברענגען הענט, ס'עלן זיין פּלענטי פּאָליסלייט, פּאַ.

אַז דער אַלטער כאַפּט זיך אויף, ווייסט ער צוערשט ניט, וואו ער געפינט זיך. ער דערקענט אפילו ניט דעם זון. באַלד אָבער כאַפּט ער זיך, וואו ער איז. ער דערמאָנט זיך, אַז ער האָט נאָך קיין מנחה ניט געדאַוונט און ווי מורא־האָבנדיק, אַז ער וועט ווידער אַמאָל אַנטשלאָפן ווערן און אַזוי אַרום פאַרשפּעטיקן מערבֿ דאַוונען אויך, גייט ער אַריין כמעט יאָגנדיק זיך אין באָד־צימער, וואַשט זיך דאָרט די הענט און אומקערנדיק זיך צוריק, מעלה־גירהט ער שוין די האַרטע מערבֿ־עבֿרי. דער זון כאַפּט זיך דערוויילאַריין צוריק אין קיך, ער באַטראַכט ווידער אַמאָל די פענצטער־גאַרדינען און הייבט זיך אָן סודען מיט דער שטיף־מוטער.

ער דערציילט איר, אַז זיין ווייבל, איידע, וואָס האָט אַן איינגעפּלאַטשטע, אַראָפּגעבויגענע נאָז ווי בא אַ פּאָפּוגאַי, איז שוין אין די „הויכע חדשים".

— זי איז שוין קיין עין־הרע אָט־אַזוי־אָ.

די אַלטע גיט אים צו „פאַרזוכן" אַ היפּשע שיסל מיט קרעפּלעך און ענטפערט אים מיט אַ זעלבסט־זיכערן קול:

— נו, וואָדען, זי האָט דען ניט געוואוסט פריער, אז קיין עין־הרע אזא געראָטן ווייבל ווי זיין איידע וועט אויך טראָגן ! גאָרנישט, ס׳מאכט זיך אמאָל, א ווייבל פארשווענגערט ניט אזוי גיך נאָך דער חתונה. נו, איז וואָס ? אָט געדענקט זי, באַ איר אין שטעטל, האָט אויך א ווייבל פינף יאָר נאָך דער חתונה . . .

די מעשה וועגן ווייבל פון איר שטעטל פארענדיקט זי שוין אָבער ניט. וואָרים פונקט דעמאָלט שטעקט דער אַלטער אריין זיין קאָפּ אין קיך, ער גיט א בייזן קוק אַף איר און פאטשנדיק מיט די ליפּן גיך־גיך פארשווינדט זיין קאָפּ צוריק אין פינצטערן צימער. נאָר די אַלטע פארשטייט שוין נאָך זיין בייזן קוק, אז ער, דער מאַן אירער, וויל ניט לײדן, וואָס זי רעדט אזויפיל. זי הייבט דערפאַר אָן רעדן זייער שטיל, ווערט דוקא הייזעריק פון אזא רעדן, און מיטן הייזעריקן קול דערציילט זי שוין עפּעס אַן אנדער מעשה. זי לייגט דערביי צו נאָך עטלעכע קרעפּלעך דעם שטיף־זון אין שיסל און וויל פאר איין וועגס וויסן, צי זיין ווייבל איידע קען אויך מאכן אזעלכע גוטע קרעפּלעך.

— דיין איידע קער אודאי ניט וויסן פון וואָס מ׳מאכט זיי אפילו, האַ, סעם ?

אַף קיין ענטפער וואַרט זי ניט — פאַר איר איז אפּנים גענוג איר אייגענער ענטפער :

„אמעריקאנער ציגן !״

ער, סעם, ענטפערט איר דערויף אפילו מיט קיין וואָרט ניט. פונעם אָרט וואו ער זיצט, הערט זיך בלויז עפּעס א מין סאָפּען און וואָרטשען ווי פון א הונט, באַ וועמען מ׳וויל אַרויסרייסן א ביין פון צווישן די ציין.

אין א פּאָר מינוט אַרום, ווען דער אַלטער ווערט פארטיק מיטן דאַווענען, גייט ער אריין אין קיך און זעצט זיך אויך אַוועק באַם טיש. די אַלטע ווערט דעמאָלט מיטאמאָל זייער פארפּאַרעט. זי הייבט אָן קלינגען מיטן געפּעס און וויל דעם מאַן אירן דערלאַנגען וועטשערע. מיט א בייזן מאַך מיט דער האַנט ווייזט ער איר אָבער אָן אַף א בענקל און גיט נאָך א בייזערן וואָרטשע אונטער דער נאָז :

— זיץ, זיץ, זאָגט מען דיר ! קריך ניט מיט דיינע סאָפּערם !

ער שטעלט אָן א פּאָר מידע אויגן אַפן זון און וויל אים פרעגן :

„נו, און זי, זי האָסטו מער ניט געזען ?״

ער פרעגט אים אָבער ניט.

מיט אָט דער פראַגע, פילט ער, וואָלט ער באַגאַנגען עפּעס א קרומע

זאָך סיי קענען זיך, סיי קענען דעם זון — דעם שותף זיינעם. ס'קומט בא אים אויס, ווי זיך נאָכפרעגן אפן געזונט פון אַ מענטשן, וועמען מ'האָט ביז היינט געהאַלטן אין איין געטרויען אַ היפּשע סומע אין מזומן און היינט — היינט האָט דער מענטש אָנגעזעצט...

אינעווייניק אין אים נאָגט אים אָבער אַ גוואַלדיקע בענקשאַפט נאָך דער טאָכטער. ער פילט, אַז אויב ער וועט באַלד ניט אַוועקגיין פון טיש, וועט ער זיך אפשר צעוויינען. פון הילפלאָזיקייט, אַפנים, הייבט אים אָן אויפרייצן דעם זונס גלייכגילטיקייט. ס'ווערט אים ביז גאָר עקלדיק צו קוקן ווי יענער פּאָרקעט מיט אַ צאָן־העלצל צווישן די ציין, ווי ער גיט אַלע ווײַלע אַ גרעפּץ, וואָס איז עפּעס אַ מין געמיש מיט אַ שלוקערץ, און אַרויסלאָזנדיק אָט דעם משונהדיקן קלאַנג פון מויל, כאַפּט ער זיך בעת מעשה אָן באַם האַרצן:

— אוי! מיין איידע דערמאָנט מיך שוין.

מער קען דער אַלטער ניט אויסהאַלטן.

ער הויבט זיך אויף פון שטול און גיט אַ קוק אַפן זון מיט דער זעלבער מינע ווי אַמאָל, ווען דער זון איז נאָך אַ אינגל געווען און בשום אופן ניט געוואָלט לערנען:

„אייסיך, ס'עט שוין פון אים קיין לייט ניט זיין!"

שוין באַם שוועל פון צווייטן צימער, דרייט ער אויס דעם קאָפּ צוריק־וועגס און זאָגט מיט רוגז:

— נו, גיי — זאָגט ער — גיי שוין טאַקע אַהיים. איידע איז אַליין אין הויז, גיי.

:: :: ::

שפּעטער, ווען דער זון פאַרלאָזט דאָס הויז, לייגט זיך דאָס פּאָר־פּאָלק שלאָפן.

די אַלטע, נאָך איידער זי לייגט זיך אַריין אין בעט, הויבט זי אָן שעפּטשען קריאת־שמע. איבערן הויז הערט זיך דערמאָלט עפּעס אַ מאָדנע מין שושקען. ס'דוכט זיך, אַז די אַלטע שפּרעכט עמיצן אָפּ אַ גוט־אויג און רעדט זיך דורך מיט „ניט־גוטע" אַף זייער לשון. אין שטוב איז פאַרנע ווי פאַר אַ רעגן. פונעם דרויסן דערטראָגט זיך אַהער דאָס רוישן פון די טאָפּאָלן און מישט זיך אויס מיטן געזשום פון די שלאָפלאָזע פליגן אין הויז.

ער, דער אַלטער, קען אינגאַנצן ניט שלאָפן. אַן אומרואיקער ליגט ער אין בעט, טראַכט פון דער טאָכטער און האַלט אין איין רויכערן. אַ פּאָר

מאָל דורך דער נאַכט, טאָרקעט ער מיטן עלנבויגן כּלומרשט אומגערן דאָס
ווייב און פרעגט זי:

— מלכּה, די מיר האָסטו פאַרשלאָפן, מלכּה?

אים גלוסט זיך דעמאָלט זייער דערציילן איר, ווי אומרואיק ער איז
פון דעם, וואָס זיין צוואַנציק־יאָריק מיידל איז ניט געקומען נעכטיקן אהיים.
ער וויל זי אויך פרעגן, צי האָט זי, דאָס ווייב זיינע, שוין געהערט אמאָל, אַז
אַן אייגן קינד זאָל זיין דעם טאַטן אַ שונא?

„אָט, זאָל זי אים זאָגן, מלכּה, האָט זי שוין געזען אמאָל, אַז אַ קינד
זאָל דעם אייגענעם טאַטן ניט פאַרגינען ס'שטיקל ברויט?"

נאָר אַז די אַלטע כאַפּט זיך אויף פון שלאָף, דערפילט ער זיך שולדיק,
וואָס ער האָט זי אינמיטן נאַכט אויפגעוועקט. ער מאַכט זיך דערפאַר שלאָפנ־
דיק און הייבט אָן שנאָרכן, ארויסלאָזנדיק דורך דער נאָז מאָדנע קלאַנגען.
באַלד אָבער פאַרהוסט ער זיך און הוסטנדיק אַזוי דערמאָנט ער זיך אַז איינ־
דערפרי, בעת ער איז געגאַנגען צום שאַפּ, איז געוועזן קילבלעך אינדרויסן:

— מלכּה — פרעגט ער זי הוסטנדיק — מלכּה, אַ קויטל האָט זי אָנ־
געטאָן אינדערפרי, ס'ספרינג־קויטל האָט זי מיטגענומען, די מויד?

קיין קלאָרן ענטפער קריגט ער ניט דערויף. וואָרים אַז זי כאַפּט זיך
אויף, מלכּה, פון שלאָף, פאַרדעכטיקט זי גאָרניט, אַז דער מאַן אירער האָט זי
אויפגעוועקט. איר דוכט זיך גאָר, אַז דאָס האָט זי זיך אַליין אויפגעכאַפּט.
זי קריכט דערפאַר ראַפּטאָם אַראָפּ פון בעט, שאַרט זיך אין דער פינצטער
זייער פאַרזיכטיק אַרויס פון צימער און ערשט ווען זי קערט זיך אום צוריק,
ענטפערט זי אים מיט גאָר־גאָר אַ פרומען „אַנשער־יאָצער"...

נאָכדעם ליגט ער שוין אַזוי ביז פאַרטאָג און קען ניט שלאָפן. ערשט
מיטן טאָג־ליכט ווערט ער אַנדרימלט.

ערגעץ אין אַ הויז אין יענעם געסל, רייסט זיך שוין אין יענער צייט
אַ ראַדיאָ און גרילצט אַרויס כּללים פון גימנאַסטישע איבונגען; אַ מילכמאַן
שרייט פאַרשלאָפן „גריאַ!" צו זיין פערד, און קלינגט מיט די מילך־פלעשער.

איצט, ווען ער שלאָפט שוין, דער אַלטער, איז ער נאָך אַלץ אומרואיק.
דער גאַנצער פאַרגאַנגענער טאָג — דערהויפּט דער פרימאָרגן — האַלט זיך
אים אין איין חלומען. אים חלומט זיך דער אינדערפרי, ווען ער האָט אַראָפּ־
געקוקט פונעם זעקסטן שטאָק דורך זיין שאַפּ־פענצטער און געזען אונטן,
אָפן טראָטואַר, זיינע סטרייקנדיקע אַרבעטער, סתם ווילד־פרעמדע מענטשן
און אויך די טאָכטער זיינע מיט אַ פּלאַקאַט אין די הענט. אָט דער פרימאָרגן

שפּאַרט זיך אַריין אין זיין מוח, צעבויטעט דאָרט אַלע זיינע געדאַנקען און לאָזט אים רואיק ניט שלאָפן.

אפילו דער אופן, ווי זיין טאָכטער האָט אינדערפרי אַ קוק געטאָן אַף אים, זעט ער אויך אין חלום.

— ניטע, קלאַרע! — רייסט ער זיך אין שלאָף איר זאָגן. — ניטע, קוק ניט אַזוי אַף מיר!

זי עקשנט זיך אָבער איין, קלאַרע, און וויל פון אים בשום אופן אירע אויגן ניט אַראָפּנעמען:

— טאַטע — מיינט עס אַף איר אויגן־לשון — טאַטע, גיי אַוועק פון פענצטער, פאַרשעם מיך ניט פאַר לייטן!

און נאָך עפּעס:

יעדעס מאָל, ווען דער הויכער מאָגערער איד, וואָס פּיקעט אויך דעם שאַפּ און גייט מיט זיין אַכצן־יאָריק מיידל אין איין ריי פריער פון איר, פון קלאַרען; יעדעס מאָל, ווען אָט דער איד גיט איבער זיין פּלאַקאַט דער מיידל זיינער, בעת ער דאַרף אַרויפציִען די הויזן, וואָס האַלטן זיך אין איין אַראָפּגליטשן בא אים, ווערן בא קלאַרען פאַרצויגן די אויגן מיט עפּעס אַזאַ פייכטער פּליווע. זי קוקט אַרויף דעמאָלט צום פאָטער און וויינט שיר ניט.

נאָר ער, דער אַלטער, פאַרשטייט ניט זיין טאָכטערס טרויעריקע בליקן. ער פאַרשטייט לחלוטין ניט, אַז אירע כמעט וויינענדיקע, פאַרבענקטע אויגן זאָגן דעמאָלט, מיינענדיק דערמיט דעם מאָגערן אידן:

— אָט, בא לייטן האָט מען מזל צו טאַטעס!

און דער עיקר:

— וואָדען, בא מיר איז אויך אַ טאַטע?

ניין, ער פאַרשטייט לחלוטין ניט, וואָס זי וויל פון אים, די טאָכטער זיינע.

אַז אויסגעמאַטערטער פון די שווערע חלומות וואָס מוטשען אים אין שלאָף, ליגט ער די גאַנצע צייט און שוויצט, וואַרפט זיך אַן אומרואיקער אין בעט און ערשט שפּעט אַפן טאָג כאַפּט ער זיך אויף.

דעם גאַנצן טאָג גייט ער שוין נאָכדעם אַרום אַ מרה־שחורהדיקער, נאָך מער צעטראָגן ווי נעכטן. אַ צעררייצטער האַלט ער זיך אין איין טשעפּען צום ווייב, קלייבט זיך אַלע ווײַלע פאַרלאָזן ס'הויז און גיין זוכן די טאָכטער — נאָר בלייבט פונדעסטוועגן איבער אין דער היים. זייער אָפט טרינקט ער סעלצער, גרעפּצט און מיט אַ רחמנות פּנים קלאָגט ער זיך פאַר דעם ווייב:

— אָט־דאָ־אָ ברענט אים, אָט־אָ דאָ־אָ...

# אַ מעשה אַזאַ

אין אָוונט בין איך ווידעראַמאָל געקומען צו איר. געקומען און עפּעס אַזוי מאָדנע פאַרלוירן בא דער שוועל געבליבן שטיין:

„אָט, זאָל זי מיר זאָגן, זאָל זי מיר בפירוש זאָגן: וואָס וועט זיין דער סוף — טאַקע דער סאַמע לעצטער סוף?"

אינדרויסן האָט דעמאָלט געדעגנט. אומעטיק־נודנע האָט פונעם הימל געבליופּעט; אומעטיק־נודנע ווי מיין געמיט אין יענער נאַכט. דאָ, אין שטוב האָט זיך אַ פייכטע קעלט געשפּירט. אַ קעלט אַזאַ, וואָס דערמאָנט אָן אַ קעלער אין ווינטער.

די מאַמע אירע, אַ אידענע מיט אַ פאַררויסענער נאָז, פאַררויסענע ליפּן, אַ פאַרריסענעם בויך; אַ אידענע, וואָס אַפן ערשטן בליק דוכט זיך, אַז זי באַשטייט פון גאָלע פאַרריסענע אברים; זי, אָט די בלויזע פאַרריסנקייט, האָט מיך די ערשטע מקבל פנים געווען. אָן איינגעקאָרטשעטע, פון קעלט אַפּנים, איז זי אַפן דיוואַן געזעסן, די פיס אונטער זיך און ביז גאָר משונהדיק צו דער סטעליע־צו געשנאָרכעט.

בא מיין אַריינקומען האָט זי קוים מערקבאַר דאָס דעקל פונעם רעכטן אויג אויפגעעפנט, אַ שלעכטן קוק געטאָן אַף מיר, און שוין אַזוי, מיט אַ שפּעלטעלע אין אויג צוריק אַנדרימלט געוואָרן.

ס'ערשטע האָט געמיינט:

„ס'קאָצל קומט — שוין דאָ דער שלימזל!"

ס'צווייטע:

„אַנו, פּרואוו נאָר אַ שפּאַן טאָן ווייטער — כ'ל דיך אַף שטיקער צעריסן!"

ווי אין מיין קינדהייט, דערשרעקנדיק זיך, בעת איך בין איבער אַ פּויערש פּלויט געקראָכן רייסן טערפּקע באַרעלעך און זיין הונט דערזען; ווי אין מיין קינדהייט, האָב איך אויך איצט, בא דער טיר, אָט די שרעק דער־שפּירט און שוין געוואָלט וואָס גיכער אינעם פאַרוויינטן אינדרויסן אָפּציען.

האָט אָבער זי, באַבודילע, כמעט אין דער זעלביקער צייט, איר טונקל־בלאָנדן קאָפּ דורך דער קיך־טיר אַהער אין „פּראָנט־רום" אַריינגעשטעקט. אירע אויגן, גרויסע, תמיד אומעטיקע, האָבן נאָך בייזער פון דער מאַמען אַף מיר אַ קוק געטאָן.

נאָר מיר, כ'ווייס ניט פאַרוואָס, איז גוט געוואָרן דערפֿון.

— באַבודילע — האָב איך מיט אַ פינגער צו דער קיך־צו געוויזן, ווי אַ קינד, וואָס האָט אַפֿן טיש אַ נאַשעריי דערזען און קען אַהין מיטן הענטל ניט דערגרייכן — באַבודילע, אַהין, אַהין, אין קיך אַריין וויל איך.

זאָל זי אַ וואָרט געווען ענטפֿערן. אַן אָנגעכמורעטע, אַ מסוכן ברוגזע האָט זי נאָכאַמאָל אַף מיר אַ קוק געטאָן, מיך פֿונדאַסניי באַטראַכט און סוף־כל־סוף, אַלץ אַף שטום־לשון, אין קיך אַריינגערופֿן.

אין קיך האָט מיט באָרשטש און מיט הירזשענער קאַשע געשמעקט. פֿון איר, פֿון באַבודילען, האָט, דוכט זיך, אויך דער זעלביקער ריח זיך געטראָגן: אַ נילוואַטער, אַ מסוכן־זויערער.

— באַבודילע, באַבודיקל האַרציקע, זאָל איך אפֿשר ס'פֿענצטער אויפֿעפֿענען, אָדער מיט אַ האַנטוך אָט די סקוטשנע לופֿט צעטרייבן?

ענטפֿערט זי ניט. אַ פאַרטיכל אַ קויטיקס טראָגט זי מיר גאָר אונטער.

— נאַ — גיט זי אַ שמאָרע מיטן לענגלעכן־דאַרן נעזל — נאַ, ס'טו מיר העלפֿן ס'געשיר איבערוואַשן.

גאָט מיינער, ס'געשיר וויל זי כ'זאָל איר העלפֿן וואַשן! און שטיינער — שווערע, גרויסע שטיינער, וואָלט איך דען ניט געטראָגן פֿאַר איר?!

אָט, זאָל זי בלויז אַ מינוטקעלע צוואַרטן. אַ רגעלע, ניט מער. כ'ל נאָר דעם פּיטש־נאַסן מאַנטל אויסטאָן, די רעגן־טראָפּנס פֿונעם שטערן אָפּווישן און גלייך — אוּיגנבליקלעך צו דער אַרבעט זיך שטעלן.

אַז איך ווער פאַרטיק מיטן וואַשן ס'געפעס, דערלאַנגט זי מיר איין ברעג האַנטוך, נעמט אַליין דעם צווייטן ברעג און מיר הויבן אָן אַף טרוקן איבערווישן די כלים.

— היציך — זאָגט זי — היציך, זאָלסט גאָרניט צעברעכן. ס'אַ נייער סעט. פֿון פריסקאָ האָט'ן אים געבראַכט.

ניין, כ'וועל זיך ניט היטן? נאָך דאָס האָט מיר געפֿעלט, כ'זאָל עפּעס צעברעכן פֿון אָט די שיסלען, שאָלן און קאַווע־טעפּלעך וואָס זיינען מיט בלויע ווינט־מילן און כינעזישע שטיבעלעך באַמאָלן.

זייער געטריי אַרבעט איך מיטן האַנטוכל איבערן פאָרצעליי, מיט געפֿיל, איידל און צאַרט. כמעט אַזוי צאַרט, ווי ווען איך וואָלט באַבודילען דעם שוויים פֿונעם שטערן אָפּגעווישט. מיין געטריישאַפֿט ווערט נאָך שטאַרקער, ווען איך דערהער ווי די אַלטע גיט אַ פּאָר קרעכצעלעך בעת זי כאַפּט זיך אויף פֿון שלאָף און הויבט אָן שקראָבען אַהער אין קיך אַריין.

מיין ערשטער געדאַנק איז:

„זאָל זי זען, זאָל זי זען אַז איך דריי זיך דאָ ניט אַרום פּוסט און פּאַס, אַז איך קריך ניט אַהער בלויז קושן איר טאָכטער. נישקשה, כ׳קום דאָ גאַנץ גוט צונוץ.״

איך גיב אַ כאַפּ אַף גיך אַ קאַווע־טעפּעלע, הויב דאָס אויף אינדער־הויך, נעענטער צום לאָמפּ, כ׳זאָל חלילה אַ שפּרינקעלע ניט פאַרזען, פאַר־סקאָלע דערביי אַן אייגל; מיטן נאָגל פונעם מיטלסטן פינגער פון דער לינקער האַנט הויב איך אָן גראַבלען אַ שישקעלע אפן ראַנד פונעם טעפּעלע און מיט דער רעכטער האַנט — — —

אַן אומעטיקער, אַ דערשלאָגענער זיץ איך שוין נאָכדעם גראָד אפן סאַמע ווייכסטן שטול אין „פּאַרלאָר״ און מיט אַ זייטיק קוקעלע היט איך די פאַרריסענע אידענע. היט יעדן קער אירן, יעדע מינע אַף איר פּנים. ביסלעכ־וויז דערפיל איך אין זיך אַ מאָדנע צופרידנקייט וואָס כ׳האָב דאָס טעפּעלע צעבראָכן. אַ צופרידנקייט, וואָס גייט איבער אין אַ ווילדן צו־להכעיס:

„זאָל זי וויסן, זאָל זי וויסן די מכשפה, כ׳ל איר דעם גאַנצן סעט צעברעכן — אַבי מיינס אויספירן!״

וואָס, אייגנטלעך, איך וויל אַזוינס אויספירן, ווייס איך אַליין ניט קלאָר. צום „סעט״ ציט מיך שוין אָבער — ציט מיך כ׳זאָל אים וואָס גיכער צעברעכן.

שפּעטער, אַז דער מאַן אירער קומט אַהיים, לאָזט זי אים גלייך וויסן פונעם גרויסן חורבן:

— נאַ — רוקט זי אים אַ טשעריפּל אין האַנט — נאַ, ס׳טו מאָרגן אין טשיינעטאַון אַראָפּפאָרן און מעטשן אַ קאָפּע. מ׳האָט שוין, אַ דאַנק גאָט, געמאַכט אַ „פּויסט״, אַ מזלדיקן פּאָטשין האָט׳ן געמאַכט.

ער, באַבודילעס טאַטע, אַ מיטליאָריקער איד מיט אַ שטאַרק געגאָלטן פּנים, אַ איד וואָס דערמאָנט אָן אַן אַלמן, וואָס האָט שוין צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט און דאָך אַן אַלמן פאַרבליבן. ער, אָט דער איד, וויל אפילו אַף רעכט זיך ניט איינהערן וואָס דאָס ווייב זיינע זאָגט אים. נאָך איידער ער טוט אויס דעם מאַנטל, רוקט ער מיר ס׳ערשטע אַריין אַ שלום־עליכם.

איך טרייסל אים לאַנג די קורצע גראָבע פינגער פון זיין האַנט און שמייכל אומבאַהאָלפן, נאַרישעוואַטע.

— ס׳רעגנט נאָך אַלץ? — פרעג איך אים.

אַט די פראַגע מיינע איז שוין גאָר אַ נאַרישע. וואָרים איך זע גאַנץ גוט ווי זיין מאַנטל איז פּיטש־נאַס, זע ווי אויף די דרויסנדיקע זייטן פון די שויבן רינען קרומלעכע דינע ריטשקעלעך און הער אפילו ווי רעגן־טראָפּנס פאַלן מיט רעש אויף די לאַנגע־שמאָלע בלעטער פון דער פּאַלמע, וואָס געפינט זיך ניט ווייט פונעם פענצטער.

— ס'עט שוין אַפּנים ניט אויפהערן, האַ, ווי מיינט איר?

ער מיינט אויך אַזוי:

„מ־מ־ם, ס'אַ רעגן דאָס איז!"

אין אַ ווינקל זיצט דעמאָלט באַבודילעס פופצן־יאָריק שוועסטערל. אַ נעזל האָט זי אַ לענגלעכס, אַ דאַרס, ווי בא באַבודילען, נאָר אויגן נאַרישע, טאַמעוואַטע. זי חזרט פראַנצויזישע קאָניוגאַציעס, פּאַנפּעט איבערטריבן מיט דער נאָז און מרוקעט אַלעמאָל אַרויס אַ געוויין צו באַבודילען:

— באַ־אַ־בי, דזשי באַבי, העלפּ מי, דאָנ'ט בי לאַיק טהאַט!

אין מיטן געוויין בלייבט זי פּלוצים שטיל מיט אַן אָפן מויל, קוקט פאַרחידושט אַט אויף מיר, אַט אויפן פאָטער, כאַפּט זיך סוף־כל־סוף אַז זי האַלט אין סאַמע מיטן געוויין און נודיעט שוין ווידער:

— באַ־אַבי, דזשי, באַבי!

נאָכן טיי טרינקען פיל איך שוין מער ניט אַט דעם ווילדן צו־להכעיס. כ'זעץ זיך צוריק אַריין אינעם ווייכן שטול, פאַרצי זיך שטאַרק מיטן רויך פון מיין ציגאַרעטל, פּרואוו אַ ווייטן שפּיי טאָן פון צווישן די ציין, נאָר דערמאָן זיך אַז איך בין אין אַ שטוב, מ'טאָר ניט, און פאַרקרים זיך אַזש.

אַנטקעגן מיר, אינעם צווייטן ווייכן שטול, זיצט דער פאָטער אירער. אין איין האַנט האַלט ער אַ אידיש־בירגערלעכע צייטונג, די צווייטע האַלט ער גרייט ער זאָל אין צייט זי קאָנען אַ כאַפּ טאָן צום מויל און מיט צעשפּרייטע פינגער זיך פּאַטשן איבער די ליפּן, ווען אַ געגעץ וועט האַלטן אַט־אַט באַם אַרויסגליטשן זיך פון דאָרטן.

צווישן איין געגעץ און צווייטן נודיעט ער מיך דערווייל:

„איז וואָלט ער, הייסט עס, אַ בעלן געווען וויסן, אויף זיכער וויסן: אויב שוין יאָ, ווי זאָגט מען, יונייטעד פראָנט, איז פאַרוואָס ניט מיט טראָצקין, וואָס האָט, מ'קען זאָגן, די רעוואָלוציע געמאַכט? ניין, ער איז ניט פאַר טראָצקין, ער איז גאָר אַ בונדיסט, אַן אַלטער, אַ פאַרברענטער און פון טראָצקיס אידיעס האַלט ער ניט. נאָר דאָך, וואָס הייסט? אזא קאָפּ, אזא קאָפּ!"

און נאָך וויל ער וויסן:

„אויב אַן אַדושעווליאַנע פּרעדמעט, מוזעשסקאַוואַ ראַדאַ, סקליאַניאַיעט זיך ווי א נעאַדושעווליאַנע פּרעדמעט, מוזשעסקאַוואַ ראַדאַ, איז וואָס זשע איז דאָ דער דיפערענץ?"

אים, אָט דעם אידן, האָב איך נאָך מער פּיינט ווי דאָס ווייב זיינע. אָפּט פּאַרדריסט מיך, קרענקט מיך ממש, פאַרוואָס באַבודילע איז געראָטן אָן אים.

איצט זיץ איך אַנטקעגן אים, קוק אין זיינע שיינע אויגן און שמייכל ליטיש, געזעצט. באַ אָט דער גאַנצער „ליטישקייט" מיינער, גלוסט זיך מיר גאָר מיטאַמאָל זיך אויפהויבן, צוגיין צו אים און אין פּנים אַריין אים אַריינשרייען עפּעס אַ זידל־וואָרט, וואָס זאָל אים טיף־טיף ווי טאָן.

כ'האַלט זיך אָבער איין און פון צעטומלטקייט, אַפּנים, שאָקל איך נאָך אָפּט צו מיטן קאָפּ.

כמעט די גאַנצע צייט וואָס איך זיץ אַנטקעגן אים און קוק אים גלייך אין די אויגן, הער איך פונדעסטוועגן זייער זעלטן וואָס ער זאָגט מיר. כ'טראַכט גאָר דעמאָלט פונעם רעגן וואָס וועט מיר ווידעראַמאָל שטערן באַבודילען אַף אַ שפּאַציר נעמען, און נאָך מער טראַכט איך פון אָט די דריי יונגען (מיינע קאָנקורענטן), וואָס וועלן זיך אודאי באַלד אין הויז אַריינשטעלן.

מאָדנע יונגען זיינען זיי.

אַז זיי טרעפן מיך באַ באַבודילען (כ'בין אַלעמאָל דער ערשטער), שמייכלען זיי צו מיר און ווילן מיט מיר ווערן לעצטע גוטע־ברידער. נאָר איך בין קאַלט און שטעביק. יעדעס מאָל ווען עמיצער פון זיי רעדט עפּעס אַרוים, גיב איך אַ שמייכל בלויז מיט איין באַק, און מיט אויגן וואָס ווערן אָנגעגאָסן אי מיט רציחה, אי מיט שפּאָט, גיב איך גאַנץ אָפן אַ קוק צו באַבודילען:

„נו, ווי געפעלט ער דיר, האַ? ער איז יאַ, אי שיין, אי קלוג..."

פון די קאָנקורענטן קומט געוויינלעך ס'ערשטע דאָס פּאָרל. ביידע באַ־שפּאַקוליעוואַטע, ביידע מיט מאָדנע געלעכטערלעך.

דער וואָס מיטן כריפּעדיקן געלעכטער איז אַ קורצזיכטיקער און מחמת אים גלוסט זיך זייער זען וואָס עס טוט זיך פונדערוויטנס, האַלט ער אַלעמאָל דעם קאָפּ אַ ביסל אויסגעשטרעקט פאָראויס. פון מידקייט, אַפּנים, פון תמיד האַלטן אַזוי דעם קאָפּ, דינט אים שוין ניט דער נאַקן און ציט דעם קאָפּ צום רעכטן אַקסל צו. אָט דער אויסגעצויגענער קאָפּ זיינער, דער

קרומלעכער נאַקן, דערמאָנט מיר יעדעס מאָל, ווי נאָר איך דערזע אים, אַן אַ צאַפּ וואָס וויל זיך בוצקען מיט אַ צווייטן צאַפּ.

דער צווייטער, דער חבר זיינער, אָט דער וואָס רעדט גיך־גיך און האָט היפּשע זאַיעדעס באַביידע מויל־ווינקלען — יענער איז גאָר אַ מיאוסקייט. ווען ער רעדט, פּינטלען באַ אים פון הינטער די שייבלעך זיינע אויסגעביסענע ווייעס, די אויגן — קליינע, שוואַרצע מאַסלינעס — גאַפן לעקישעוואַטע און די זאַיעדעס ווערן מיט אַ שוים באַזעצט.

איר, באַבודילען, איז ער גראָד געפעלן:

— הי׳ז קיוט — זאָגט זי — אַי לאַיק הים.

גאָט מיינער, ווי קען זי גאָר דאָס זאָגן? !

אַז זיי קומען אַריין אין הויז, זעצט זיך דער קורצזיכטיקער באַלד אַנידער, ער לייגט אַריין ביידע הענט צווישן די קני, פּאַררייסט דעם קאָפּ צו דער סטעליע און שווייגט אַזוי אָפּ כמעט דעם גאַנצן אָוונט. אַן ערנסטער בחור איז ער, דערפאַר, אַפּנים, לאַכט ער אַזוי זעלטן. נאָר אַז ער לאַכט שוין יאָ, איז דאָס מיט אַ מין כריפּען פון אַ יאַדעשליוון זקן ווען ער פאַר־הוסט זיך.

מיר געפעלט ער גראָד. וואָלט ער נאָר אַהער אין הויז ניט געקראָכן, וואָלט איך אים אפשר ליב געהאַט.

דעם צווייטן, אָט דעם מיטן קרומען־טערקישן נעזל, האָב איך שוין פיינט. כ׳קען אים ממש ניט פאַרטראָגן.

היינט האָבן זיי זיך, אַפּנים, פאַרשפּעטיקט. מען זעט זיי נאָך ניט.

נאָר אָט קלאַפּט עמיצער אָן אין טיר. באַלד עפנט זיך די טיר אַליין אויף, צוויי גראָבע הענט וואָס האַלטן מיט צעשפּרייטע פינגער אַ שאָל מיט אַ שאָל צוגעדעקט, שפּאַרן זיך די ערשטע אַריין און נאָך זיי סאַפּענדיק אַ פעטע אידענע.

ס׳איז באַבודילעס מומע. אָט די וואָס האָט מיר אַמאָל אַ לאַכנדיקע, טרייסלענדיק מיטן גרויסן בויך, דערציילט:

„האָט זי, הייסט עס, מיט דער עלטערער, מיט פאַלין, באַלד נאָך פּסח פאַרשוועגנערט און אפשר ביז שבועות ניט געוואוסט דערפון. אוי, זי׳ט ניט אויסהאַלטן — יוראָפּישע בהמות!”

איצט האָט זי דער שוועגערן אירער אַ ביסל היימיש געמאַכטן אייז־קרים געבראַכט. זי האָט זיך קוים דערוואַרט דער רעגן זאָל אויפהערן אַזוי שטאַרק גיסן און געקומען אַהער דערוויזן אַז —

„ווי מען נעמט זיך פיר — אזוי העלפט גאָט.”

דער שוין־צעגאַנגענער ברוינלעכער אייז־קרים, וואָס זעט אויס ווי א לײמיק בלאָטקעלע, דאַרף דאָס זיין דער וויכטיקסטער עדות:

„האָט׳ן צום ערשטן פּאַוואָלינקע איין מעקסיקאַנער שיקסע בא דער מאַשין אוועקגעזעצט, נאָכדעם א צווייטע, א דריטע און איצט — רבונו־של־עולם, ס׳אָל נאָר ניט פאַרשטערט ווערן! א שאָפ קיין עין־הרע א מלוכה!”

א סימן:

„הונדערט און פופציק טולער האָט׳ן פאַר דעם פרידזשידעיר אוועקגע־לייגט, הונדערט און פופציק טולער נאָך מיט טשעינדזש.”

באַבודילעס מאַמע, א אידענע בטבע א שטיקל נאַשערן, קוקט דאָס מאָל א ביסל קרומלעך אַפּן אייז־קרים. די דלאָניעס פאַרלייגט צווישן די פאַכוועס, גיט זי בלויז איין מאָל א רוק צו די נאָז צום שאָלעכל, פאַררייסט תיכף די נאָז נאָך העכער ווי זי איז, און מיט א קאַלטקייט פון א מענטשן וואָס ווערט פון גאָרניט נתפעל, א קאַלטקייט אזא, וואָס דאַרף יענעם באַליידיקן (פּונקט ווי באַבודילע!), גיט זי א זאָג נאָך אַלץ מיט דער נאָז איבערן שאָלעכל:

— כ׳ל דיר זאָגן דעם אמת, סע לוינט זיך טאַקע דער גאַנצער טאַראַראַם! פאַר א ניקל קויפט׳ן בעסערן אייז־קרים.

א געפּלעפּטע פון אזא באַציאונג צו איר אייז־קרים, זיצט יענע אַן אָנ־געכמורעטע, א צעטומלטע און קען א וואָרט ניט אַרויסרעדן. מיר פאַלט דעמאָלט איין זיך אָננעמען פאַר איר — ניט אזוי איר קריוודע אויסגלייכן, ווי איר, באַבודילעס מאַמען, אין דער גאַל אַריין רעדן.

כ׳נעם אַרויס מיין קעשענע־מעסערל, צעעפן עס און פּרואוו אַף דעם א ביסל אייז־קרים אַרויפנעמען, איז שוין אָבער דער אייז־קרים אינגאַנצן צעגאַנגען און מאַכט בלויז דאָס קלינגל ברודיק און פייכט.

נאָר מיך אַרט דאָס ניט.

אַף גיך כאַפּ איך אַריין דעם שפּיץ פונעם קלינגל אין מויל, מאַך צו די אויגן, ווי א מבין אַף א גוט ביסל וויין בעת ער מאַכט א לחיים, און סוף־כל־סוף שוין מיט צעעפנטע אויגן, ס׳מעסערל צוריק אין קעשענע, זאָג איך אַרויס מיין מבינות:

— ניט שלעכט — טאַקע גאָרניט שלעכט. אמתער אייז־קרים.

און צו דער גראָבער אידענע:

— מיט דזשעלאַטין האָט איר אים געמאַכט, הא? אודאי מיט דזשעלאַ־טין — מ׳שפּירט דאָס באַלד. שור מיט דזשעלאַטין.

כ׳וויל ערשט א גאַנצע טעאָריע אויפבויען וועגן דער גויטיקייט פון דזשעלאַטין אין אייז־קרים, נאָר פונקט דעמאָלט קלאַפּט שוין ווידער אַמאָל עמיצער אָן אין דער טיר. מיר גיט א טיאָכקע אין האַרצן און מאָדנע קאַלט ווערט מיר אין מויל:

„ס׳פּאָרל, ס׳פּאָרל איז שוין דאָ!"

כ׳נאַר זיך אָבער אָפּ. ס׳איז נאָר ער, דער דריטער קאָנקורענט מיינער. אָט דער מיטן נעבעכדיק־צעקנייטשטן פּנימל און מיטן געלעכטערל פון א נאַרישער אידענע.

ווי רחמנותדיק זיין פּנימל איז, שמייכלט עס אָבער תמיד.

— האַלאָ, וויים!

— גי־גי!

זאָל ער בלויז אָן איבעריקן „גי" ארויסלאָזן פון מויל, באַקומט ער באַלד דעם קורצן אָטעם, פאַרכלינעט זיך און פאַרענדיקט שוין ס׳געלעכטערל מיט א קריי פון א יונג האָנעכל:

„הי־הי־הי!"

א סוטעלעוואַטער איז ער, מיט אַן ארויסגעסטאַרטשעטער פּלייצע כמעט ווי בא א האָרבאַטש. אקסלען האָט ער שמאָלע, מיידלשע. מיר דוכט זיך אָפּט, אַז ניט נאָר זיינע אקסלען זיינען אזעלכע שמאָלע, נאָר דער גאַנצער גוף — ס׳גאַנצע לעבן זיינס.

אַז ער קומט אריין אין הויז, עפנט ער קיינמאָל ניט ווי געהעריק די טיר. א קליין ביסעלע שפּאַרט זיך אָפּ די טיר פון דער ראַם, א שמאָל אקסעלע שאַרט זיך אריין אין שטוב און נאָכן אקסעלע, אַלץ אין דער שמעל, גליטשט זיך שוין אריין דער גאַנצער קערפּער. די טיר מאַכט ער קיינמאָל ניט צו באַלד הינטער זיך. הינטן אַרום, מיט איין האַנט, האַלט ער צו די קליאַמקע ווי אַף „ווי א זאַך מאַכט זיך", ער בלייבט שטיין בא דער שוועל און דאָס קלייענדיקע פּנימל שמייכלט אי שולדיק, אי נעבעכדיק.

מיר דוכט זיך דעמאָלט:

זיין שטיין בא דער טיר, זיין גאַנצער צושטאַנד, איז פון אַן אָרעמאַן וואָס האָט זיך צום ערשטן מאָל איבער די הייזער ארויסגעלאָזט. זאָל מען אים נאָר א פּעני געבן, וועט ער א זלידנע שמייכל טאָן, ער וועט נאָך מער איינהויקערן דאָס פּלייצעלע און דורך דער זעלביקער שמאָלער טיר־עפענונג, אַלץ אין דער שמעל, צוריק אין אינדרויסן זיך ארויסגליטשן.

דאָס מאָל איז ער אויך אזוי אריינגעקומען. געבליבן שטיין מיטן פאַר־

גליוווערטן שמייכעלע אפן פנימל און מיט א הייזעריקלעך קולכל א פישטשע געטאָן:

— האלאָו! גי־גי! אפשר וויל זי, באבי, א ראיד מיט אים כאַפּן? ס'האט שוין אויפגעהערט רעגענען, גי־גי! זאָל זי אומיסטן זען, ער איז אינגאנצן טרוקן.

אין אַט דער רגע גלוסט זיך מיר עפּעס א שארף וואָרט אים זאָגן. כ'בין אפילו גרייט א שווערע זאַך אים וואַרפן אין קאָפּ.

— איז וועט ער מאָרגן אין אָוונט זי קומען נעמען, אבט אזייגער וועט ער דאָ זיין, אַף שור אבט.

און צו מיר באם פארלאָזן דאָס הויז:

— האלאָו, גי־גי!

איך ווייס שוין:

נאָך זיין אוועקגיין וועט א שווערער אומעט מיך אָנהויבן נאָגן באם הארצן. כ'וועל מוראדיק אומרואיק ווערן און שוין נאָכדעם, אינדערהיים בא זיך, א גאנצע נאכט ניט קענען שלאָפן. כ'ווייס אויך, אז מאָרגן אין אָוונט וועט ער זי אין זיין אַטאָמאָביל אַף א „ראיד" נעמען און קומען אהיים וועט זי, ערשט אפן צווייטן טאָג, שוין פארנאכט צו.

— גי־גי! אפשר וויל איך, וועט ער מיך אהיים אונטערפירן. ער פאָרט לעבן מיין הויז פארביי.

— ניין, א דאנק, איך גיי נאָך ניט אהיים...

נאָך זיין אוועקגיין, וועל איך ערשט אין א רעסטאָראַן קאווע גיין טרינקען. כ'וועל דאַרט איין טעפּעלע נאָכן אנדערן שווארצע קאווע כליעפּ־טשען, פון אומרו זיך פארגעסן און זייער אָפט מיט א פויסט איבערן גלעזערנעם טיש־דעק קלאַפּן.

אהיים קום איך שוין דעמאָלט שפּעט נאָך א האלבער נאכט. אינדרויסן רעגנט שוין ווידעראמאָל. דורך די דראָט־נעצן פון מיין פענצטער שמייסט דער רעגן אַף מיין בעט, אַף מיר — נאָר מיך ארט ניט. כ'פויל זיך אויפהייבן און ס'פענצטער פארמאכן.

מיר איז שוין אַלץ איינס.

אָן איינגעקאָרטשעטער פון קעלט, ליג איך אין בעט, קוק מיט פאַר־טרערטע אויגן צום פּאָוויטינע־פארצויגענעם סופיט־ווינקל און טראכט פון מיינע כמורנע אומעטיקע טעג, פון מיין גאנץ לעבן וואָס איך פיר דאָ:

— גאָט מיינער, וואָס וועט פאָרט זיין דער סוף?

קאַליפאָרניע 1936.

# איינער אַ מענטש

גלייך אינדערפרי האָט זיך דאָס אָנגעהויבן בא מיר.

דעמאָלט בין איך אין שאַפּ געזעסן, מאָדנע אומרואיק געווען און בשום אופן ניט געקענט אַרבעטן:

— מיסטער קאַטלער! — האָב איך געזאָגט און בעת מעשה דאָס פּנים פאַרקרימט — מיסטער קאַטלער! אַ צאָן, אַ צאָן טוט מיר וויי, כ׳מוז שוין גיין צום דענטיסט!

דער באַלעבאָס, אַ איד אַף אַ פּאָר לאַנגע פיס, אַ איד מיט אויסגעקראָכענע ברעמען, האָט אָפּנים אַ וואָרט מיר ניט געגלויבט. ער האָט אַ גרויסן שטיק זייד אַפן לאַנגן טיש אָפּגעוויקלט, אפילו זיך ניט אומגעקוקט צו מיר און ברוגזלעך אינעם זייד אַריינגעוואָרטשעט:

— ט׳האָסטו דיר! שמשון הגבור, טוט אַ זעץ און קערט זיך איבער!

נאָר איך האָב מיר מיינס געטאָן:

כ׳האָב די רעכטע באַק אָנגעבלאָזן, באַקומען אַ רחמנות־פּנים און שוין אַף שטום־לשון, מיטן צייג־פינגער אַף מיין קינבאַק אָנגעוויזן:

— אָט־אָ דאָ־אָ, אָט דאָ ליגט דער אומגליק.

נאָכדעם, שוין בא דער טיר, מיטן רעקל אַף דער האַנט, האָב איך נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן פּאַסאָן. כ׳האָב נאָך אַלץ געהאַט אַ צעקרימטע צורה, גע־שפּיגן מיט אַ שלאַבערדיקער מינע און אפילו אַרויסגעקרעכצט מיט אַן אָפּ־געשוואַכט קול — אַ קול, וואָס כ׳האָב שוין ממש אַליין ניט דערקענט:

— סע שיסט, סע שיסט, אין מוח אַריין שיסט עס!

ערשט אַז איך קום אַרויס אין דרויסן, גלייך איך אויס ס׳צעקרימטע פּנים מיינס. כ׳קלייב אַראָפּ די פיצלעך פעדים פון זיך, פאַררויכער אַ ציגאַ־רעטל און גיב אַ לעצטן שפּיי לעבן שאַפּ:

— וויסיך, כ׳האָב אים אין דר׳ערד, טיף־טייער אין דר׳ערד, האָב איך אים!

איבער מיר סמאַליעט דעמאָלט די סוף־זומערדיקע האַלב־טראָפּישע זון. אַף די בלווילעכע בערג, וואָס צוימען אַרום די שטאָט, ציען זיך ביימער־

שפּיצן צום האָריזאָנט און ווערן דאָרט פאַרפאַלן. קרומלעכע טונקל־ווייסע סטעזשקעס, אַף די בערג, שעמערירן אַראָפּ אהער ווי קויטיקער שניי.

באַשטימט וואוהין כ'זאָל גיין איז מיר אַליין נאָך ניט קלאָר.

כ'ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר דאָס ערשטע לאָז איך זיך צו דער אַנטקעגנ־דיקער פינף־און־צוואַנציק־סענט קראָם. דאָרט באַטאַפּ איך כמעט יעדן שטיקל סחורה, מעסט אָן אַלערליי זון־ברילן; בלאָז אפילו אויף אַ בלעכן טרומייטערל און אַז איך קום אַרויס פון דער קראָם, האָב איך שוין בא זיך אַ געלבלעך קעמעלע, אַ פּיצינקע אַדרעסן־ביכעלע און גאָר־גאָר אַ וואַזשנע מעסערל.

זייער שטאַרק געפעלט מיר אַט דאָס מעסערל — כ'שפּיגל זיך פשוט אין דעם.

מיט אַ בליישטיפט אין איין האַנט און מיטן מעסערל אין דער צווייטער, פּוסט און פּאַסעווע איך אַ שטיק צייט איבער די גאַסן, האַלט אין איין פאַר־שניצן דעם בליישטיפט און קען זיך גאָר ניט אָפּרייסן פון אַט דער מלאכה:

— גיי ווייס, אַזוי וואָלוול פאַרקויפט מען טייערע מעסערלעך!

ס'האַרץ וואַקסט אין מיר ממש פון ליבע צו אַט דעם מעסערל...

נאָר אַט, אומגעריכט ווערט מיטאַמאָל מיין גאַנצע שמחה פאַרשטערט. האַרט בא דער וויטרינע פון אַ מעבל־געשעפט, דערזע איך „זי", איבער וועמען איך זאָג יעדע נאַכט פאַרן שלאָפן גיין אַ מין קריאת־שמע:

„כ'מוז זי פאַרגעסן! כ'מוז זי פאַרגעסן! כ'מוז זי פאַרגעסן!"

איר סוטולעוואַטער חתן איז אויך דאָ לעבן איר. זייער אײדל, מיט גרויס פאַרזיכט האַלט ער זי צו מיט דער דלאָניע בא אַן עלנבויגן, גלייך אינעם עלנבויגן וואָלט זיין גאַנצע ליבע געלעגן. ער ווייזט איר אָפּן בעט, וואָס שטייט אין דער וויטרינע און געדזשגעט מיט אַ נאַריש געלענדערל:

— גי־גי! אַ וואָויל בעט אַט דאָס, גי־גי!

מיר ווערט אויגנבליקלעך עפּעס אַזוי קיל אונטערן האַרצן און די אויגן ווערן שיר ניט מיט טרערן פאַרלאָפן:

„אַ כאָליערע אַף אים, אַזאַ פאַרזעעניש און אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד!"

:: :: ::

שפּעטער ליג איך שוין ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן פּאַרקל אָפן גראָז אויס־געצויגן. ווי אַ קינד שפּיל איך זיך מיט מיין אייגענעם שאָטן, צופּע דאָס גראָז אַרום זיך און קיי אַ צווייגל, וואָס איז ביטער ווי פּאָלין.

כ'געדענק ניט ווי אַזוי, נאָר אַרום מיטאָג־צייט וואַקס איך שוין אויס אינעם מעקסיקאַנישן געגנט. אַנטקעגן אַ וויטרינע שטיי איך דעמאָלט. מיט

גרוים געשמאַק כראַמטשע איך גרינלעכע מעקסיקאַנער צוקערקעס, וואָס זיינען פּאַטיקע זיס, און קוק אַריין אַ גוואַלדיק נייגעריקער אין דער וויטרינע.

דאָרט, אין דער וויטרינע, געפינען זיך אַלערליי קאַו־באָי שטיוועלעך, ברוינלעכע זאָטלען און אַן אַ שיר בייטשעלעך און שפּאָרן. מיר געפעלן דער עיקר די שטיוועלעך און די שפּאָרן.

שוין אַזאַ גוסט באַ מיר.

מאָדנע, וואָס לענגער איך קוק אַף די שטיוועלעך, אַלץ מער ווערן זיי מיר איינגעבאַקן אין האַרצן. אַ פּאָר מאָל נעם איך אַפילו אַרום דאָס בייטעלע פון קעשענע און הויב אָן איבערציילן מיין געלט:

„וואַרט נאָר, לאָמיך זען, ס'עט מיר קלעקן אַף שטיוועלעך?...״

איינמאָל, בעת איך בין אַזוי שטאַרק פאַרטאָן ציילנדיק מיינע פּאָר גראָשן, באַווייזט זיך דער קרעמער אַף דער שוועל. אַ איד מיט אַ ראָזעווען פּליך, מיט קוטשערלעך, וואָס קרייזן אַרום דעם פּליך, גיט ער מיך באַלד אַ נעם גאַנץ פעסט באַ די אַקסלען; ער הויבט מיך אָן שטופּן אין קראָם אַריין און שיט דערביי אַף עטלעכע לשונות מיטאַמאָל:

— טשיקאָ, אַמיגאָ מיאָ! אַי גאַד אַ נייס טינג פּאָר יו, אַ נייס קרענק פּאָר יו, טשיפּ, ווערי־ווערי טשיפּ!

און איך?

איך לאָז זיך שטופּן פון אים, לאָז זיך שעלטן אין אידיש און קוועל גאָר ווי אַ באָקסער.

מיר דערמאָנט זיך גאָר דעמאָלט אַ זומערדיקער פאַרנאַכט אין מיין שטעטל. ס'דערמאָנט זיך מיר מיין טאַטע, אַ שוואַרצער איד מיט ציגיינערשע גלאַנציקע אויגן. ער שטופּט אויך אַזוי אַן אָפּגעריסן פּויערל צו זיך אין קלייט, אַ פּויערל מיט פאַרדריפּעטע באָרוועסע פיס און רעדט צו אים גיך־גיך:

— אַ מאָזשע טשאָבאָטע טרעבאַ, האַ? טשי טשערעוויקע מאָלאָדיציו, נו? *)

ס'פּויערל קראַצט זיך אין דער פּאַזוכע, קראַצט זיך אונטערן אָפּגע־קראָכענעם שמויסענעם היטל, לאַכט גוטמוטיק און שווערט זיך, אַז ער דאַרף גאָרניט, אַז געוואָלט האָט ער בלויז —

„ליודעי פּאָדיוויטסיאַ אַי סעבע פּאָקאַזאַטי.״ **)

---

*) איז אפשר דאַרפסטו אַ פּאָר שטיוול? צי שיך פאַר דער יונגער ווייב?

**) אַף מענטשן אַ קוק טאָן און זיך אַליין באַווייזן.

ווייטער, טאַקע גאָלע גאַרנישט...

דער איד, וואָס האָט מיך נאָר וואָס אין זיין קראָם אריינגעשטופט, איז אַפּנים אַ פלינקערער סוחר פון מיין טאַטן. ער האָט שוין דערשמעקט, אַז איך בין אַ איד, אַז „אַזוינס" ווי איך דאַרף ניט קיין קאָו־באָי שטיוועלעך און אַז פאַר מיר פּאַסט גאָר אַן אנדער מין סחורה. וועגן דעם, אַז ער האָט מיך נאָר וואָס געשאָלטן, האָט ער שוין אינגאַנצן פאַרגעסן. פילט ער זיך לחלוטין ניט שולדיק קעגן מיר. פאַרקערט, ער קלאַפּט מיך שוין גוט־ברודעריש איבער דער פּלייצע און טאַנצט ווי אַ מאַלפּע אַרום מיר:

„כע, ער האָט מיך אָבער דערקענט, נאָך מיינע קלוגע אויגן מיך דער־קענט — אחינו בני ישראל!"

אַ פּאָהיבעל אַף אים! כ'האָב גאָר דעמאָלט זיכער ווי אַ לעקיש אויס־געזען...

כ'האָב נאָך האַסטיקער מיינע צוקערקעס געכראָמטשעט, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אַלץ געקוואָליעט.

דערווייל האָט ער שוין געבראַכט אַ שוואַרצן טשעמאָדאַן מיט אַ מעשענעם שלאָס, מיט מעשענע זאַוויסעס. ער האָט אים צעעפנט פאַר מיר, עטלעכע מאָל געעפנט און פאַרמאַכט דאָס דעקל און אפילו אַף אַ רגע דעם פּיסק ניט צוגעמאַכט:

„הא, ווי געפעלט מיר דאָס קלאַזעטל? אַ רעגעלע פראַפּירטע!"

טאַקע, דער מעשענער שלאָס, די מעשענע זאַוויסעס האָבן מיין אויג פאַרכאַפּט:

„זע נאָר, ווי אמתער גאָלד, זאָל פעלן אַ האָר!"

דער איד, אַפּנים פון געוואוינהייט, האָט זיך שוין געשוואָוירן. ער האָט מיר נאָך דעם מקח ניט געזאָגט און שוין טויט ערנסט פאַר זיך אַליין און פאַרן גאַנצן פאָלק ישראל אַ דערלייזונג געבעטן:

„זאָל ער פון קיין צער ניט וויסן! זאָל ער אַזוי אינאיינעם מיט אַלע אידן אויפגעריכט ווערן!"

און אַלץ, אַז ס'קאָסט אים אַליין טייערער, אַז בלויז צוליב מיר איז ער גרייט דעם קאָפּ דערלייגן...

:: :: ::

נאָכדעם קען איך זיך שוין לאַנג מיטן טשעמאָדאַן ניט אַרומדרייען איבער די גאַסן. די זון גליט נאָך הייסער ווי פריער. פונעם פּנים רינט בּאַ

מיר אַ ברודיקער שװײס און אין האַרצן נאָגט אַ בענקשאַפֿט — אַ בענקשאַפֿט נאָך די קאָו־באָי שטיװעלעך.

אַן אױסגעמאַטערטער, אַ צעפּאַרעטער, פֿאַרשלעפּ איך זיך קוים־קוים אַהײם. דאָרט, אין דערהײם בײַ מיר, טרעף איך אין מײַן צימער אַ גאַסט אױף מיר װאַרטן. דער גאַסט, אַ זקן פֿון אַ יאָר זיבעציק, אַ איד אַ ריז, מיט אַ געלער־גרױלעכער באָרד און קלײנדיקע הענט, רוקט מיר אַ שלום־עליכם און לאַכט מיט די אױגן בלױז:

— איציקל, האָסט מיך דערקענט, איציקל?

אודאי האָב איך אים דערקענט. ס'איז ער, װאָלף־בער, אונזער שכן. איך געדענק אים:

אַן אָקסן־הענדלער איז ער. אַ שטוב לעבן אַ שטוב װאױנען מיר. פֿאַר זײַן נאָמען אַלײן האָב איך מורא אימת מות. תמיד גײט ער אין אַ בורקע, תמיד פֿאָרט ער אױף יאַרידים. אַז ער דערזעט מיך, קערט ער איבער די אױגן און לאַכט אַרײַן צוריק אין האַלדז אַרײַן:

„אַנו, װאָו'ז זײַן מעסערל? ט'עט ער מיר!..."

און איך, אַ דערשראָקענער, ניט טױט, ניט לעבעדיק, כאַפּ זיך אָן באַם פֿונפֿאָרנט, פֿאַרהױב די פּיאַטקעס און לאָז זיך מיט אַ געשרײ אין שטוב אַרײַן: „מאַ־אַ־אַ־מע!"

איצט שטײ איך אַנטקעגן אים, האָב הנאה, װאָס איך בין שױן אַ דער־װאַקסענער; בענק שױן אי נאָך די קאָו־באָי שטיװעלעך, אי נאָך מײַן קינד־הײט און קען זיך גאָרניט גלױבן:

„זע נאָר, טאַקע װאָלף־בער! כ'האָב גאָרניט געװאוסט, אַז ער איז אין אַמעריקע!"

די לענדלײדי איז אױך דאָ דערבײַ. זי האַלט די הענט אױפֿן האַרצן, שמײכלט גליקלעך, און האָט אַ פּנים פֿון אַ מענטשן, װאָס האָט צונױפֿגעפֿירט אַ טאַטן מיט אַ זון נאָך אַ סך יאָרן אַרומזוכן זיך:

— יאָ — זאָגט זי און שאָקלט צו מיטן קאָפּ זײער פֿרום, זײער ליטװיש — יאָ, אַז מ'לעבט דערװאַרט מען זיך.

סך־הכל אין אַ פּאָר מינוט װײס איך שױן, אַז געקומען איז דער איד אַהער אין שטאָט מיט אַ װאָך צוריק, אַז ער לײדט פֿון אַסטמע און אַז ער שטײט אײַן בײַ זײַן אינגסטער טאָכטער, בײַ באָסקען:

„װאָס־זשע, איך געדענק זי ניט, באָסקען? זי'ז דאָך אין אײנע יאָרן

מיט מיר. כ'זאָל זי אומיסטן אָנקוקן — אַ פּיקטשע! כ'אָלט זי גאָרניט דערקענט."

אָפּגעפּטרט זיך, זיין באַסקען, גיט ער מיר שוין אָפּ אַ גרוס פון מיין מאַמען, וועמען ער האָט געזען אין ניו יאָרק פאַר זיין אָפּפאָרן. כ'קען אָבער גאָרניט דערגיין פון זיינע רייד: עפּעס אַלץ דערציילט ער פון אינמיטן, צו אַלץ לאַכט ער צוריק אין האַלדז אַריין און כריפּעט מיט זיין אַסטמע־האַרץ:

— זאָג איך איר, דער מאַמען דיינער, שרה, זאָג איך, וואָס זיצט איר אין דער פינצטער? מ'עט אייך סיי ווי טשאַרדזשען פאַר דער ליעקטרי!

פון זיינע רייד שטויס איך זיך אָן, אַז מיין מאַמע איז געזונט, אַז זי האַלט זיך נאָך אָפּ אירע רעוומאַטיזם־פּיס:

— איז זי נאָך אַ קרעפּקע אידענע, די מאַמע דיינע. נאָך פון דאָרטן, פון יוראָפּ, אַ פאַרפראַוועטע.

:: :: ::

גרויסע גאָלדיק־גרינע פליגן זשומען אין מיין צימער. אַז איך צעשנייד דעם קאַווען און דאָס ברויט, וואָס כ'האָב מיט זיך געבראַכט, מוז איך זייער פלינק אַרבעטן מיט די הענט, בלאָזן מיט די ליפּן און אַפּילו צושאָקלען דעם קאָפּ, אָפּטרייבנדיק די פליגן. מיין לאַנדסמאַן, וועמען כ'האָב צום טיש איינגעלאַדן, וואַשט זיך זייער לאַנג די הענט; ער זיפּצט, קוועטשט די נשמה אַרויס פונעם „שאו ידיכם" און איילט זיך ניט צום טיש.

נאָר אַז ער זעצט זיך אַוועק, ווערט ער גאָר אַן אַנדערער. אויףביידע באַקן רייבט ער — מיט גרויס אַפּעטיט. דערצו איז ער נאָך אַ קנאַפּער מפונק און שלינגט ממש קאַווען מיט פליגן. ער וויל מיר, אַפּנים, אָפּדאַנקען פאַרן קאַווען מיטן ברויט און האַלט דערפאַר אין איין אָפּגעבן מיר גרוסן פון מיין מאַמען:

— זאָג איך איר, דער מאַמען דיינער: שרה, זאָג איך, ביז וואַנען איז דער שיר? אַז דער איז אוליסי, יענער אוסטריסי . . .

— עסט, מיסטער וואָלף־בער, עסט, כ'האָב נאָך פייגן אויך.

בײַ די פייגן ציט אים שוין אָבער צום בעט. ער צווינגט זיך פונדעסט־וועגן, פּערעט די שוואַרצע פייגן אין מויל אַריין און הערט נאָך אַלץ ניט אויף צו רעדן:

— נו, און באָקסערן, איציקל, באָקסערן וואַקסן דאָ אויך?

אַפּנים, ער איז שטאַרק צופרידן מיט דעם, וואָס קיין באָקסערן וואַקסן

ניט אין קאַליפאָרניע. מיט גאָר א באַזונדער מין חשק פּאַקט ער אַריין די לעצטע פּאָר פייגן אין מויל, גיט א ריינוק מיט א פינגער די יאַסלעס און טשמאָקענדיק מיט די ציין רעדט ער אַרויס רואיק, צופרידן:

— העט, פאָרט ניט ווי אין ארץ ישראל, ניט דאָס...

אָפּגעטעמט פון נאָכן שווערן עסן איז ער שוין גרייט אהיים גיין. נאָר איך, כ׳וויים ניט פאַרוואָס, איך פיר אים גאָר צו צו מיין בעט, שלאָג אויס דעם קישן און ווייז אים אָפּן בעט:

„אָט, זאָל ער זיך צושפּאַרן א ביסל, זאָל ער כאַפּן א דרימל.״

לאַכט ער שוין ווידעראַמאָל צוריק אין האַלדז אַריין, מוטשעט שוין א צווייטע תפילה און פּלאָנטערט מיט דער צונג:

— צו מנחה, איציקל, צו מנחה ׳עסטו מיך אויפוועקן, ניט שפּעטער.

לאַנג ציט זיך נאָכדעם אָט דער זומערדיקער טאָג. איבער מיין צימער טראָגט זיך דעמאָלט ס׳זשומען פון די פליגן, דעם אידנס כראָפּען.

בעת ער שלאָפט, זיץ איך באַם טיש, דערשטיק אַלע ווײַלע א גענעץ אין זיך און שטעל צונויף שטיבעלעך פון קאַוועןֿ־שאַלעכץ. אָפּט גיי איך אַרויס אין קאָרידאָר, נעם אַרויס פון קעשענע מיין מעסערל און לערן זיך מיט איין קנאַק אַריינהאַקן דאָס קלינגל אין דיל. אז ס׳ווערט מיר נמאס צו שפּילן זיך מיט זיך אַליין, קוק איך נאָך דעם אידן, ווי די באָרד זיינע הויבט זיך בא אים אַרויף און אַראָפּ בעת ער שנאָרכט.

כ׳קוק אים נאָך אזוי לאַנג, ביז כ׳ווער אויך אַנטשלאָפן, דעם קאָפּ אָן טיש אָנגעשפּאַרט.

אַזש ביזן סאַמע אָוונט שלאָף איך אזוי אָפּ דאָרט באַם טיש. און אז איך כאַפּ זיך אויף, שטייט שוין דער איד באַם פענצטער, ער האָט א פול מויל מיט זיפצעניש און דאַוונט. מיט מיין אויפכאַפּן דערפרייט ער זיך. אים איז, אַפנים, אומעטיק אינעם טונקעלן צימער שטיין און רעדן צו א ניט־געזעענעם גאָט. אין מיטן דאַוונען געפינט ער א סטעזשקע ווי אַרום צו־קומען מיט רייד אי צו גאָט אי צו מיר אין דער זעלבער צייט. ער לאָזט אַרויס עטלעכע זיפצן, גיט זיך א בויג צו מיר, ווי ער וואָלט זיין גאָט לעבן מיר א זוך געטאָן און הויבט אָן רעדן צו „אונז״ אַף א משונהדיק לשון:

— אַי־אַי־אַי, נאָך א בחור, איציקל, נאָך א בחור, אַי־אַי־אַי, עד מתי?

מיר איז שוין דעמאָלט נמאס דער איד, נמאס אינאיינעם מיט זיין זיפצן, אינאיינעם מיט זיין דאַוונען. דערצו בין איך נאָך עטוואָס פאַרשלאָפן.

פון דער העלער הויט דערפיל איך מיטאָמאָל א שנאה צו אים — די זעלבע שנאה ווי אַמאָל אין מיין קינדהייט, בעת ער פלעגט מיך שרעקן:

— נע — ענטפער איך אים ווי אַף צו־להכעיס, ענטפער שוין אפילו מיטן זעלביקן לשון ווי מ'רעדט אין מיין שטעטל — נע, שוין קאַן בוכער ניט, שוין לאַנג ניט קאַן בוכער!

אין אָנהויב פאַרשטייט ער ניט וואָס איך מיין. ער זייטלט דעם קאָפּ צו מיר ווי אַ טויבער. באַלד אָבער כאַפּט ער זיך, פאַרקרימט דאָס פּנים, ווי ער וואָלט אַ שרעק אַראָפּגעשלונגען, און וויל שוין אינגאַנצן ניט קוקן צו מיר:

— הי, פּע! פּע, נבול פּה!

ערשט אַז ער גייט אַוועק, הויבט מיר אָן באַנג טאָן, פאַרוואָס כ'האָב גערעדט צו אים אַזוי גראָב. טוט מיר שוין באַנג, וואָס כ'האָב אים צו דער טאַכטער ניט אונטערגעפירט און ניט געבעטן נאָך אַמאָל קומען צו מיר.

נאָר מיר אַליין איז דאָך דעמאָלט אַזוי שווער, אַז מיר אַליין וויינען דאָך אָן אַ שיר קריוודעס.

טאַקע אַלץ לעבן ברודיקן טיש, זיץ איך נאָך זיין אַוועקגיין, כמעט ביז אַ האַלבער נאַכט, און ריר זיך ממש ניט פון אָרט. פון לאַנגווייל ביים איך דעם מעקער פון מיין בליישטיפט, פּרואוו נאָכמאָלן די ווינט־מיל פונעם בילד, וואָס הענגט אַף דער אַנטקעגנדיקער וואַנט, פאַרגעס זיך און מאָל גאָר קאַטשקעלעך און מענטשעלעך.

נאָר אָט דערמאָן איך זיך אָן „איר". כ'גיי אַרויס אינדרויסן און זעץ זיך אַפן גאַניק. אַנטקעגן מיר הענגט דעמאָלט אַ גרויסע, אַ רויטע סוף־חודשדיקע לבנה. זי האָט אַן אויסגעדרייטן פּיסק, די לבנה, ווי עס וואָלט איר אַ צוג־ווינט פאַרשאַדט. פון די אַרומיקע בערג רייסן זיך אָפּ קילע ווינטעלעך און פאַלן אַראָפּ אין שטאָט. די ווינטעלעך שפּילן זיך אין באַ־העלטעניש צווישן די פּאַלם־צווייגן, צווישן מיינע האָר; גלעטן מיר דאָס פּנים, גלעטן מיין האַרץ.

בעת איך קוק אַזוי אַף דער לבנה, דערזע איך פונדעסטוועגן (טאַקע בלויז מיט איין אויגן־ווינקל) ווי עפּעס בלישטשעט אַפן טראָטואַר. פויל, אָן שום חשק, הויב איך זיך דאָך אויף פון גאַניק און לאָז זיך צום טראָטואַר אַ קוק טאָן וואָס ס'פינקלט דאָרטן. פאַרגעס איך אָבער אין סאַמע מיטן וועג נאָך וואָס כ'האָב זיך אויפגעהויבן; קוק שוין פון ס'ניי אַף דער לבנה, וואָס האָט זיך אַ קאַפּעלע אַ רוק געטאָן אַפן הימל און געדענק שוין

בלויז, אַז פּונקט אַזאַ נאַכט האָב איך שוין אַמאָל געזען אין מײַן לעבן, אַז געװען איז דאָס שוין אַזוי לאַנג־לאַנג צוריק.

אין מײַן פאַרטראַכטקייט באַמערק איך ניט, װי איך בין שוין אַ שטיק װעג פון מײַן הויז אַפּגעגאַנגען. איך קוק אַף דער לבנה, װאָס גליטשט זיך פאַראויס, צום סאַמע מיטן שטאָט; גליטשט זיך אַהין און נאַרט מיך נאָך זיך:

„יאַ־יאַ, זאָל איך איר נאָכגײן, זאָל איך אומיסטן איר נאָכגײן, זי װעט מיר דאָרט אַ שײנע זאַך װײַזן.”

בלויז אײנמאָל, אַז זי װערט מיד איבער אַזאַ גרויסן הימל זיך שאַרן, שטעלט זי זיך אַפּ הינטער אַ הויכן, אַ צעװאַקסענעם בוים — און איך באַגלײַך מיט איר.

מאָדנע, אין מײַן פאַרטראַכטקייט האָב איך פאַרבלאָנדזשעט אַהער, צום זעלביקן מעבל־געשעפט, װאו „זי” מיט איר חתן זײַנען באַטאָג געשטאַנען. כ׳װײס ניט פאַרװאָס, מיטאַמאָל פאַל איך צו צו דער װיטרינע, פּלעטש צו די נאָז צום גלאָז און קוקנדיק צום שײנעם ברײטן בעט, װאָס געפינט זיך דאָרטן, הויב איך אָן רעדן צו זיך אַלײן — ממש װי אַ משוגענער:

„אַ װאָזשנע בעט אָט דאָס, גאָר־גאָר אַ װאױל בעט.”

:: :: ::

ערשט מיטן טאָג, װען אַ פּאָליציימאַן טרײַבט מיך אַװעק פון דאָרטן, לאָז איך זיך צוריק אַהײם, זע שוין ניט די לבנה און שעפּטשע נאָך אַלץ די זעלבע װערטער:

„אַ װאָזשנע בעט אָט דאָס, גאָר־גאָר אַ װאױל בעט.”

נאָר װאָס װײַטער איך גײ אַפּ פון געשעפט, געדענק איך שוין ניט װאָס ס׳האָט מיט מיר זיך געטאָן אַ גאַנצע נאַכט, װײס לחלוטין ניט צוליב װאָס איך חזר איבער אָט די װערטער. מאָדנע, װאָס מער איך דערנעענטער זיך צו מײַן הויז, הויב איך אָן פילן, װי עפּעס אַ מין שװערקייט, װאָס איז ביז איצט אַף מײַן האַרצן געלעגן, הויבט אָן אָפּגײן פון דאָרטן; הויב אָן פילן אַ פּוסטקייט אין מוח װי נאָך אַ לאַנגער, שװערער קרענק.

און מיטאַמאָל, כ׳װײס ניט פאַרװאָס, כ׳גיב אַ מעסט דעם גאַנצן אַרום מיט מײַנע אויגן, צי אַרײַן פולע לונגען מיט פאַרטאָגיקער קילער לופט און

צעשמייכל זיך מיט אזא גרינגקייט אַף דער נשמה, צעשמייכל זיך דעם נייעם טאָג אנטקעגן:

— א מאָדנער מענטש בין איך, א שטיק משוגענער!

איז שוין אָט־דאָס שמייכלען מיינס אויך ווי פון א חולה, וואָס האָט צום ערשטן מאָל נאָכן קריזיס די אויגן אויפגעעפנט און צופרידן אַף דער וועלט א קוק געטאָן:

„יאָ־יאָ, ער וועט לעבן, זאָל ער נאָר צו די כחות קומען, ער וועט שוין זיכער בלייבן לעבן."

קאַליפאָרניע.

# באָן־וואַיאַזש

ס'איז טאַקע עפּעס אַזוי מאָדנע אויסגעקומען:

פאַרנאַכט האָט ער מיך אינמיטן גאַס אָנגעכאַפּט, אַ וואוקסיקער, מיט אַ פּנים אַ פאַרקרימטס, ווי ער וואָלט פון אַ שטענדיקער פאַרשטאָפּונג געליטן, שטייט ער דעמאָלט איבער מיר, פאָכעט פאַר מיין נאָז מיט זיין פאַררויכערטן, געלן צייגפינגער און זאָגט מיר בפירוש אָן:

— איז וועט ער מיר שוין אַף זיכער אַ פיסל אויסרייסן, אָן קונצן, אַ פיסל אויסרייסן!

נאָר אויב כ'וועל זי פאָרט ניט צורו לאָזן, די טאָכטער זיינע — שוין אַפילו אַף איין פיסל, „ווייסט ער, וואו אַ קאָורט געפינט זיך. נישקשה, כ'על בא אים אין פּריזאָן פאַרפוילט ווערן, ווי אַ איד ער איז!"

אַרום אונז קלייבן זיך דערוויל „גוטהאַרציקע", נייגעריקע מענטשן. זיי שטשירען די ציין פון גרויס הנאה און שאָקלען צו מיט די קעפּ, ווי זיי וואָלטן מיט אים אין אַלץ מסכים געווען. אַ אידענע, אַ טויבלעכע אַפּנים, שטופּט זיך דורך, קוים מיט צרות, צווישן עולם; זי רוקט זיך צו גאָר נאָענט צו אונז, פאַרשאַרט איר געלבלעך טיכל פון יענער זייט רעכטן אויער און טאַקע מיט אָט דעם אויער צו אונז צו בלייבט זי אַזוי שטיין.

איר גייט, אַפּנים, אין לעבן אַפילו אַ וואָרט ניט פאַרהערן.

דערפאַר קוקט זי שוין אַזוי דעם צעקאָכטן אידן גלייך אין מויל אַריין, באַוועגט אַפילו די ליפּן אירע באַגלייך מיט זיינע און קנייטשט דעם שטערן, ווי זי וואָלט גוט־גוט געוואָלט צעקייען זיינע רייד. פון צייט צו צייט גיט זי אַ בייזן קוק אַף מיר און טאַקע באַלד, מיטן זעלביקן קוקעלע, ווענדט זי זיך אַף שטום־לשון צום עולם:

— נו, ט'איר שוין געזען אַזוינס? ס'אים גוט, ער קווערזגעט נאָך!"

מיר איז אָט די גאַנצע חתונה גראָד געפעלן.

פון גרויס שמחה לאָז איך אַראָפּ די אויגן צו מיינע צעקנייטשטע אויס־געריבענע פּלודערן, באַטראַכט זיי זייער געגוי און וויל אים אַ פרעג טאָן, דעם אידן:

„מיסטער הוירש, וויל איך אים פרעגן, מיסטער הוירש, אוועלכן, אוועלכן 'עט איר מיר אָפּרייסן?"

נאָר אַז איך הויב אויף צוריק מײַנע אויגן, איז ער שוין גאָר ניטאָ לעבן מיר.

איינגעהויקערט, פון בויך־גרימעניש, אַפּנים, שטייט ער שוין מיטן פּנים צו דער וויטרינע פון דער דערבייאיקער אַפּטייק, שפּיגלט זיך אינעם גלעזערנעם נאַכט־טאָפּ, וואָס געפינט זיך פון יענער זייט שויב, און טראַכט אודאי פונעם „ראָשיען מינעראַל־אויל", וואָס העלפט אים שוין אויך ניט...

אינדרויסן איז שוין דעמאָלט פינצטערלעך. ווייט־ווייט איבער די דעכער צינדט זיך און לעשט זיך אַ גרויסע עלעקטרישע שילד. אַף אַט דער שילד שפּרינגט אַרום אַ ראָזעווער פּאַיאַצל מיט אַ דרייעקיקן קאָפּ און מאַכט גימנאַסטישע איבונגען.

אַרום און אַרום פילט זיך עפּעס אַ מאָדנער ריח, אַ ריח פון קעראָסין און טשערנעשקע.

זי, די אידענע, שטייט נאָך אַלץ אַפן זעלביקן אָרט. זי שנייצט די נאָז שפּאָרעוודיק, מיט חשבון, און וואָרטשעט בעת מעשה גאָר בייז צו זיך אַליין.

נאָכדעם שלעפּ איך זיך שוין ווידעראַמאָל פּוסט־און־פּאַס איבער די גאַסן.

כ'טראַכט די גאַנצע צייט פונעם שטרודל מיטן אונטערוועש, וואָס מיין מאַמע האָט מיר היינט צוגעשיקט, און קען בשום אופן ניט אויסלייגן אין די געדאַנקען עפּעס אַ לייטיש בריוול פאַר איר.

„מאַמע — טראַכט איך, וועל איך שרייבן — מאַמע, האָפּאַדזשאַמים וועהאַשטרודל קיבאַלטי, אַ שיינעם דאַנק דיר דערפאַר."

און נאָך וועל איך איר שרייבן:

„טאָמייטאָס זיינען דאָ וואָלוול, מאַמע, פינף סענט אַ פונט — ווי פּאָקרעשקעס די גרויס."

נאָר שפּעטער, אַז איך קום אַהיים, פאַרגעס איך אָן דעם שטרודל, פאַרגעס אָן די פּאַטלאַזשאַנעס, פאַרגעס אינגאַנצן אָנעם בריוול, וואָס איך דאַרף איר ענטפערן.

באַ מיין טיר טרעף איך די לענדלײַדי אין אַ נאַכט־העמד שטיין. זי רוקט מיר עפּעס אַ צעטעלע אין דער האַנט און רעדט מיט אַ פאַרשלאָפן קול:

— מיסטער גאָלד — זאָגט זי — עפּעס אַ מיידל, אַ רוסיאַווע, אַ קליינע אַזאַ איז דאָ געווען. זי האָט אַף אייך געוואַרט, מיסטער גאָלד.

אָפּגעזאָגט דאָס, טרעט זי ניט אָפּ פון דער טיר. זי שמייכלט מיט אירע

פּאַרקיסנעטע אויגן און וואַרט אַפּנים, כ'זאָל זיך בײַ איר װעגן דעם מיידל דערפרעגן.

שוין בײַ מיר אין צימער הער איך, ווי זי קלאַפּט אין דער אַנטקעגנדיקער טיר, בײַ דער געלער מויד, וואָס קנייטשט תמיד די נאָז, ווי זי וואַלט אַרום זיך אַ שווערן ריח געשפּירט. עס גערויערט ניט לאַנג און איך הער שוין, ווי זי רעדט, די לענדלײדי, מיט אַ קול, וואָס איז שוין גראָד ניט פאַרשלאָפן:

— „איידענאַ, זאָג איך איר, איידענאַ, הי ווען אַוועי מיט אַ ליידע!"

און אין אַ ווײַלע אַרום:

— „איר'ט אים באַדאַרפט געווען אָנקוקן, מיס ראָזן, אַ שענערן ליגט מען אין דער ערד, זאָג איך אײַך."

אפשר אַ האַלבע שעה צײַט שטייט זי דאָרט אין קאָרידאָר, די אידענע. זי שושקעט זיך אויף אַ קול מיט דער מויד, דערציילט איר פונעם געראַטענעם בחור, וואָס גייט אויס נאָך איר טאָכטערס טויט, און פאַרענדיקט אַלעמאָל מיטן זעלבן סוף:

— ס'אַ משל! ער רופט דאָך מיך שוין „מאַ", רופט ער מיך!

אין יענער נאַכט, דוכט זיך מיר, זײַנען נאָך אומעטיקער, גרויער די ווענט אין מײַן צימער. מיר דוכט זיך, אַפילו דאָס אָפּגעהאַקטע צווײַרקען פון דער גריל, וואָס האָט זיך אונטער מײַן בעט פאַרשלאָגן, איז אויך אַזוי אומעטיק, כמורנע.

שפּעט, כמעט ביזן שאַריען אויף טאָג, זיץ איך אָפּ בײַ מײַן טיש. איך קוק אַריין מיט מידע, פאַרשלאָפענע אויגן אין „פּאָמאַ גאַרדיײַעוו", קאַלופּע בעת מעשה ברעקלעך פונעם שטרודל, וואָס ליגט אויפן טיש, שטופּ זיי אין מויל אַריין, די ברעקלעך, און פיל קיין פּיצל טעם ניט דערבײַ.

כמעט די גאַנצע צײַט הער איך זיך אײַן אינעם נודנעם צווײַרקען פון דער גריל — און מאָרגנס, ס'טוט מיר אויך באַנג, באַגלײַך מיטן אַלטן, מיט איגנאַטין, פאַרוואָס איך בין אויך ניט געווען דערבײַ, בעת זײַן שיף האָט אויף דער וואָלגאַ געפּלאַקערט.

אויף מאָרגן איז אַ רעגנדיקער טאָג. אַזש ביז פאַרנאַכט־צו וויינט דעמאָלט דער הימל.

ווי אַלע זונטיק, זינגט שוין די מויד אין איר צימער. זי זינגט לאַנג־לאַנג, מיט אַ מין באַליידיקט קול, קלאָגט אין איר געזאַנג ביז זי ווערט הייזעריק און ווערט סוף־כל־סוף אַנטשוויגן.

אַ פּאָר מאָל דורכן טאָג קומט די לענדלײדי אַרײַן צו מיר. זי זעצט

זיך אוועק ניט־געבעטענערהייט אַף מיין בעט, פאַרלייגט די הענט אַפן בויך און מיט די אויגן צום בילד פונעם קאָסאָקע שיקסל, וואָס איך האָב פון דער „מאָסקאָו ניוס" אויסגעשניטן און אַף דער וואַנט אַרויפגעקלעפּט, הויבט זי אָן מאָלן. נאָך אַלע אירע רייד, שוין באַ דער טיר, צעשמייכלט זי זיך מיט אַ שולדיקער מינע, קוקט אַפן אָפּגעלישטשעטן סופיט־ווינקל, און רעדט ווי צום סופיט — ניט צו מיר:

„כ'ווייס, כ'האָ'געזען איר גייט אַרום ליידיק, קיין ראַקעפּעלער זענט איר ניט — 'עט איר אים צוגרייטן. עלעהיי איך צאָל אין היברו. וואָסי, איר קענט דען ניט? זאָל איך כאָטש האַלב פון אייך קענען."

בעת זי רעדט צו מיר, שטיי איך די גאַנצע צייט באַם פענצטער. איך קוק גאָר צום מבולדיקן אינדרויסן, צום אַנטקעגנדיקן הויף, וואו די רויזן ווערן פון רעגן נאָך רויטער, ווי פון יענער זייט הויף, צווישן אָנגעוואָרפענעם אַטאָמאָביל־ברוכווארג, וויגט זיך דאָס איינציקע פייגן־ביימל.

מיר פּלאָנטערט זיך גאָר דעמאָלט עפּעס אַ משונהדיקער געדאַנק אין מוח — אַ געדאַנק, וואָס כ'האָב, דוכט זיך, אין שלאָף צונויפגעשטעלט:

— „נו, גוט — וועל איך איר זאָגן — נו, גוט, האַלט זיך מיט דיין טאַטן, האַלט זיך מיט זיינע לאַנדרים!"

צום סאַמע סוף וועל איך אָבער דאָס זאָגן.

אין אָנהויב וועל איך מיט איר גיין איידל, אָן אַ פּיצל כעס אין מיין קו.. אַפן לייטישסטן אופן וועל איך איר דערווייזן מיט גאָר־גאָר שיינע רייד: „אָט, זאָל זי אומיסטן באַרעכענען, זאָל זי אַליין זען: זעכציק מענטשן אַר־בעטן באַ איר טאַטן, זעכציק מענטשן האָדעווען זי, שוכן זי און קליידן."

און מיט אַ שמייכעלע זיך אַליין אין די רייד אַריינפּאָרן:

„באַ מיר וועט זי אַף שטרודל זיצן — אַף גאָלע שטרודל. זאָל זי אומיסטן אין מיין הויז מיט מיר צוגיין, 'עט זי זען, וואָס פאַר אַ שטרודל מיין מאַמע האָט מיר צוגעשיקט."

„אָט אַזאַ־אָ שטרודל!"

שוין ביזן סאַמע אָוונט גייט מיר אָט דער געדאַנק פון קאָפּ ניט אַרויס.

און פאַרנאַכט, אַז ס'הערט ביסלעכווייז אויף צו רעגענען, וואַרט איך נאָך צו ביזן אָוונט, וואַרט ביז ס'הערט איננאַנצן אויף צו גיסן און פאַרלאָז סוף־כל־סוף מיין צימער.

אָסיענדיק קיל איז דעמאָלט אינדרויסן. אָן עסנדיק ווינטעלע בלאָזט

מיר אין פּנים אַריין, פאַרעט זיך בא מיינע האָר און מאַכט מיר פּייכט ס׳פּנים און דעם קאָפּ.

נאָר מיך אַרט דאָס ניט.

כמעט דעם גאַנצן וועג אַהין, חזר איך מיין דרשה, טענה אפילו צו מיט די הענט און האָב גוט אינזינען, כ׳זאָל זיך בשום אופן ניט אויפרעגן, אַלץ מיט גוטן, אַלץ מיט שכל איר איינרעדן:

„אַט־אָט, אַזוי וועל איך איר טאַקע זאָגן: זעכציק מענטשן אַרבעטן בא דיין טאַטן, זעכציק מענטשן האָדעווען דיך און קליידן.״

נאָר אַז איך קום אין הויז צו איר, איז זי גאָר אינדערהיים ניטאָ. אין שטוב דאָרט איז דעמאָלט עפּעס א שמחהלע. קיינער באַמערקט מיך ניט, ווי איך שטיי א פאַרלוירענער אין קאָרידאָר, וואָס איז מיט קליידער באַהאַנגען, און האָב חשק וואָס גיכער זיך אָפּטראָגן אינדרויסן אַרויס. בלויז איר שוועסטערל, א מיידל מיט א קורפּאַטן נעזל און מיט גרויסע קעלבערנע אויגן, קומט אַרויס צו מיר אין קאָרידאָר, זי טוט מיר א טובה און רעדט צו מיר אידיש:

„ניטאָ״, זאָגט זי, „באַבי, ניטאָ.״

פונעם קאָרידאָר זע איך דעם טאַטן אירן מיט נאָך עפּעס א דראַנג. זיי רויכערן ביידע, קאָכן זיך און פאַרן אַריין איינער דעם אַנדערן אין די רייד:

— הערי — זאָגט דער פּאַטער אירער — הערי, ס׳א באַרגן, ס׳א באַרגן, זאָג איך דיר, סי באָרדער־טרייד, גאָלע דראָפּ!

דער צווייטער זוכט אַרום זיך אַן אַש־טעצעלע פאַרן ציגאַרעטל, וואָס ברימ שוין זיינע פינגער; ער פאַרוואַרפט דעם קאָפּ אַן א זייט, שטעלט אַרויס א דלאָניע פאַרן פּנים, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פאַרהיטן פאַר א פּאַטש, און לאָזט יענעם ניט ענדיקן:

— ווייסיך, באָרדער־טרייד, הייַנטיקע צייטן באָרדער־טרייד! אָט איז ער דאָ, אָט אַנז ער ניטאָ... א פעמילי־באַנדל אַז איך קריג אַריין — ווייס איך, אַז ס׳מופּט ניט!

לאַנג שטיי איך שוין דאָרט ניט. מיר ווערט גאָר מיטאַמאָל א בזיון פאַר זיך אַליין, א בזוי־בזיון פאַר מיין גאַנצן צושטאַנד.

טאַקע בלויז פון יוצא וועגן פרעג איך איבער דאָס שוועסטערל, אַן שום חשק, מיט עפּעס א מין פאַרפרוירן קול:

— טאַקע ניטאָ באַבי, ניטאָ?

און באַלד גיב איך צו, אַליין ניט פאַרשטייענדיק צוליב וואָס איך טו דאָס:

„אַ שאָד, זיך געוואָלט געזעגענען מיט איר, אַ שאָד. מאָרגן פאַר איך דאָך שוין אָפּ פון דאַנען...“

ערשט אינדרויסן באַקלער איך זיך, וואָס כ׳האָב אַזוינס געזאָגט דאָרט און בין מלא שמחה פון מיין איינפאַל:

„יאָ, יאָ, מען דאַרף טאַקע אָפּפאָרן פון דאַנען, וואָס גיכער אָפּפאָרן.“

איבערן הימל יאָגן זיך שוין אַרום צעשלאָגענע כמאַרעס. אַ רעפטל אָנהויב־חודשדיקע לבנה קאַראַבקעט זיך צווישן די כמאַרעס, וויל זיך אַרויפכאַפּן אויף אַ וואָלקן און — ווערט באַלד צוריק פאַרטרונקען. אין אַ הינטערהויף טליעט אַ קופּע שפּענער. דער ווינט פאַרטראָגט אַהער, אין גאַס אַריין, דעם רויך, יאָגט אים אַרום אין דער לופטן און פאַרשפּרייט אַ גערוך פון געברענטער סאָסנע.

:: :: ::

פאַרנאַכט רעגנט שוין ווידעראַמאָל. איך זיץ אין באַן באַם סאַמע פענצטער און מאַך אַ שיפעלע פונעם בריוול, וואָס זי האָט מיט איר שוועסטערל, שוין פאַר מיין אָפּפאָרן, מיר צוגעשיקט. אַ גאַנצע מגילה איז דאָרט געווען אָנגעשריבן, אין אָט־דעם בריוול. צום סוף האָט זי מיט גרויסע אותיות אַ מין לאַנגן קוש מיר געגעבן:

„באַן־וואָיאַזש!“

אַ גוטן שליטוועגס, הייסט עס.

איצט מאַך איך אַ שיפעלע פון איר בריוול. איך גיב אַוועק דאָס שיפעלע צו אַ קליין מיידעלע מיט בלאָנדע צעפּעלעך. זי פאַרשווינדט צווישן די בענק און קומט באַלד צוריק מיט אַ בויגן פּאַפּיר אין איר הענטל:

— מיסטאַ — זאָגט זי — מיסטאַ, מיין שוועסטערל וויל אויך אַ שיפעלע.

— אָך, בכבוד גדול!

נאָר אַז זי קערט זיך אום נאָכאַמאָל, שוין מיט לוידיקע הענטלעך און וויל נאָך אַ שיפל — צענעם איך מיינע הענט אין דער ברייט און פאַרקרים זיך, ווי איך וואָלט מסוכן באַדויערט:

— זי האָט ניט געשריבן מער, קינד, ניט געשריבן, בלויז איין בריוועלע געשריבן...

קאַליפאָרניע, 1936.

# אין אַ אידיש הויז

בלויז זי, די עובר־בטלדיקע באָבע, האָט נאָך געקלאָגט אַף אַ קול.

דאָס קול אירס, ווי פון אַ קוואָקע, האָט די שטוב אָנגעפילט מיט ווערטער פונעם טייטש־חומש, מיט ווערטער פון פרומע ווייבערשע זאָגעכצן, וואָס האָבן זיך לחלוטין ניט אָנגעקערט מיטן גאַנצן ארום. דער זון אירער, אַ איד אין די פופציקער, אַ איד אַ גבר מיט הענט פון אַ שמיד און אויגן פון אַ קינד, איז אַ פּאָר מאָל צוגעגאַנגען צו איר; ארייַנגענומען איר קעפּל אין זיינע גרויסע דלאָניעס און איינגעהאַלטן, לייטיש זיך געבייזערט אַף איר:

— נו שאַ, שאַ, מאַמע, זאָל שוין נעמען אַ סוף!

אָנגעשפּאַרט מיט אַן עלנבויגן אָן פענצטער־געזימס, איז די ווייב זיינע, אַ וואוקסיקע פרוי מיט ברייטע מאַנצבילשע אַקסלען, געזעסן דאָרט און גע־כליפּעט שטיל, פאַרעקשנט. אירע אויגן, גרויסע, גרויע, האָבן אָן אָסיענדיקע הימלען דערמאָנט — אָן הימלען, וואָס קענען מעת־לעתנווייז כליופּען מיט רעגנס און דורך דער צייט אפילו אַף אַ רגע ניט אויפהערן.

ס'איז פאַרנאַכט־צו געווען דעמאָלט, צו זון־זעצן.

אַ לעצטער שטראַל האָט אין שטוב זיך פאַרגנבעט, געזוכט פאַר זיך אַ באַהעלטעניש אונטער די בעטן, אונטער דער איינגעמויערטער שאַפע, אַ צאַנק געטאָן אַפן גלאָז פון אַ פאָרטרעט און טאַקע באַלד זיך אויסגעלאָשן.

אַפּט האָט די טיר דאָרט אין קאָרידאָר געסקריפּעט, נאָך אָפּטער גע־שטאַנען אָפן און הפקרדיק, אָן חשבון ארייַנגעלאָזט מענטשן. אינמיטן שטוב זיינען עטלעכע אידן אין אַ רעדל געשטאַנען, ווי אַמאָל אַפן מאַרק אין זייערע שטעטלעך. זיי האָבן פון מלחמות געשמועסט, פונעם אומגליק, וואָס האָט דאָ געטראָפן, און פון קלאָוקס, וואָס „מופן אין קאָנטרי"...

איינער אַ איד, אַ דראָנג מיט אַ פּיצינקן בערדל, ווי אַ לישאַי צווישן דער מאָרדע און אונטערשטער ליפּ, האָט שוין אַפּנים פאַרגעסן, אַז געקומען איז ער אהער זיין שכן מנחם־אבל זיין, און שוין גאָר געטראַכט פונעם מאָרגנדיקן מאָנטיקדיקן טאָג, ווען ער וועט ווידער פּוסט־און־פּאַסעווען איבערן מאַרקעט. ס'איז אים, ווייזט אויס, זייער ביטער געווען אַף דער נשמה, אָט

דעם אידן. האָט ער געזיפצט, פאַרטראַכט זיך געקראַצט מיטן נאָגל פון זיין גראָבן פינגער אינעם פּיצל בערדל און אַלץ די זעלבע ווערטער אינעם רעדל אריינגעוואָרפן.

— שור, אַז שיקסלעך מאַכן שוין היינט קלאָוקס, שור!

האָט זיך אָבער קיינער צו אים ניט צוגעהערט.

יעדעס מאָל, ווי נאָר ער האָט דאָס מויל צעעפנט און געוואָלט אַ טיפן געדאַנק אויסברייען, געבן אַ משל מיט די זיבן פעטע און זיבן מאָגערע קי, האָט מען אים באַ אַן אַרבל געצויגן, געקוקט אויף אים ווי אויף אַן איינגע־געסענעם אידן, אַ נודניק, און זיך געבייזערט אויף אים:

— שאַט, לאָזט אַ וואָרט הערן, זאָלן זיי בעסער רעדן!

און „זיי", אַ קליין אידעלע מיט ראָזעווע הענטלעך, ווי ער וואָלט זיי תמיד אָפּן פראָסט געהאַלטן, האָט דאָס בליי־פּאַפּיר פון אַ ציגאַרעט־שאַכטל אָפּגעשיילט און געדעדט פּאַוואָליע, מיט טאַלק:

— יע — האָט ער דערציילט און געכאַפּט אַ קוק צום דראַנג, צי וועט ער אים ווידער אַמאָל ניט איבערשלאָגן אין סאַמע מיטן — יע, קומט ער אַמאָל, סעם, צו זיי, צו חבר קאַהנען און זאָגט: פּאַ, איך פאַר קיין ספּעין. דזשאָו אַבראַמאָוויץ (מיינער, הייסט עס) פאָרט אויך. און ניט לאַנג געטראַכט...

פון צייט צו צייט, בעת ער האָט דערמאָנט דעם חבר קאַהן און זיך אַליין, איז ער אויף אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן; אויף אַ ווײַלע זיך פאַרטראַכט, נאָר באַלד מיט אַ מאָדנעם שמייכעלע אין די אויגן אַ קוק געטאָן אָפּן עולם און אַ שאָקל געטאָן דעם קאָפּ אַהין, צו דער סאָפע, וואו דער חבר קאַהן איז שוין ווידער איבער זיין עובר־בטלדיקער מאַמען געשטאַנען:

„האַ, ווי געפעלן אייך אַזוינע טאַטעס? שוין איין מאָל לינקסע, רייגעלע פאַדי־מעמבערס!"

פון יענער זייט פענצטער איז שוין לאַנג די זון פאַרגאַנגען. ווייסע וואָלקנס האָבן צום גליענדיקן האָריזאָנט זיך געיאָגט. אַ גרויער בין־השמשות האָט אין שטוב אריין זיך געשאַרט, אריינגעדרונגען אין יעדער שפּאַרונג. עמיצער האָט דעם לאָמפּ אָנגעצונדן, און דער איד מיט די ראָזעווע הענט איז אַנטשוויגן געוואָרן.

אַ צעפּאַטלטע מויד מיט בראָנזעס פיס אין שטעקשיך האָט אריינגע־טראָגן אַ טעפּל מיט אַ טעלער צוגעדעקט. זי האָט דאָס טעפּל אָפּן טיש אַוועק־

געשטעלט, אַ זוך געטאָן מיט די נארישע אויגן די באַלעבאָסטע און מיט נאָך אַ נארישערן קול אַ זאָג געטאָן:

— מיסעס קאָהן, די מאַ דיר קנישעס געשיקט!

דער איד מיטן לישאַי־בערדל האָט פון גרויס אינטערעס אַ בויג געטאָן זיך צום טיש, געוואָלט, אַפנים, כאַפּן אַ קוק אַף די קנישעס, און אַפן וועג פאַרטשעפּעט מיט אַ בליק די מויד, וואָס האָט שוין אַרויסגעכאַפּט אַ קניש פון איר פאַרטוך־קעשענע און אָנגעהויבן פּאָקן מיט גרויס געשמאַק. גלאָצנדיק די אויגן יעדעס מאָל, ווי נאָר זי האָט אַ היפּשן ביס אַרונטערגעשלונגען, האָט זי דערווייל באַטראַכט די בילדער פון דער אידישער צייטונג, וואָס איז אַפן טיש געלעגן.

פון צווישן די בילדער פון די היגע „באַיעס", וואָס זיינען אין שפּאַניע דערהרגעט געוואָרן, האָט אַ יונג מיט אַ פּאַרריסן נעזל, מיט גרויסע קינדערשע אויגן צו דער מויד ארויסגעקוקט. און זי, די מויד, ווי זי וואָלט אים גאָר קיינמאָל פריער ניט געזען, האָט מעלה־גירהדיק געדרייט דעם קאָפּ צו דער אידענע, וואָס האָט באַם פענצטער געכליפּעט; געדרייט דעם קאָפּ צוריק צום בילד און געפּרואווט זייער קרובהשאַפט דערגיין... נאָכדעם, שוין אָן אַ מינדסטן ביסן אין מויל, האָט זי דעם קאָפּ צו דער וואַנט פּאַרריסן און אָנגעהויבן באַטראַכטן די פּאָרטרעטן, וואָס זיינען דאָרט געהאָנגען.

פון איינעם אַ פּאָרטרעט האָט אַ זקנה (אַפנים אַ קנאַפּער פּאַרשוין אין דער יוגנט) אַראָפּגעקוקט עפּעס אַזוי הילפלאָז, נעבעכדיק. פונעם צווייטן האָט אַ איד מיט אַ צעשפּאָלטענער באָרד, ווי באַ אַ גענעראַל, גוטמוטיק אונטער־געשמייכלט, ווי ער וואָלט שוין באַ זיך לאַנג דאָס ערגסטע געפּועלט:

„נו יאָ, וואָס איז דאָ פאַראַן צו קלערן? כ'בין גוט אריינגעפּאַלן..."

און צווישןביידן איז לענין אַף אַ טריבונע געשטאַנען, געהאַלטן פאַר־זשמורעט אָן אויג און מיטן ציינג־פינגער פון דער אויסגעשטרעקטער האַנט געוויזן אין דער ווייט.

ס'קליינע אידעלע האָט שוין דערווייל פון עטלעכע בליי־פּאַפּירן אַ קויל געוויקלט. ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו זיין מלאכה און ווייטער גערעדט.

— אויך פאַר ספּעין. יע, האָב איך נאָך היינט דעם „פרייהייט".ביט גע־לייענט. אויפגעשטאַנען אינדערפרי, זאָג איך מיין חברטע: בעקי, זאָג איך, זאָלסט אַף מיר ניט וואַרטן מיטן דינער. כ'גיי היינט מיט חבר קאָהנען

קליידער קאָלעקטן. פאַר ספּיין, זאָג איך. מיר זיינען אַ קאָמיטע פונעם ברענטש.

ער האָט נאָך, אַפּנים, ווייטער געוואָלט רעדן, געוואָלט דערציילן מיט אַלע פּיטשעווקעס, ווי ער איז אַהער אין הויז געקומען רופן דעם חבר קאָהן, ווי מ'האָט שוין דאָ אַפן טויט פונעם זון געטרויערט און ער, דאָס אידעלע, האָט נאָך דערפון גאָרניט געוואוסט. נאָר דעמאָלט, בעת ער האָט שוין דאָס בלייַ אין קעשענע אַריינגעלייגט, אַ טיפן זיפץ ארויסגעלאָזט און ווי געהעריק געוואָלט אָנהויבן די מעשה צעוויקלען — דעמאָלט האָט אַ דאַרע אידענע מיט „אַ וווייטיק איר אין האַרצן" מיט גערעש אין שטוב זיך אַריינגעיאָגט. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן די מויד, אָנגעהויבן זי קנייפּן אין די פּוקעס הענט און געטריבן זי „אַפּסטעם אין דר'ערד אריין"...

בעתן יאָגן די מויד פון הויז, האָט זי געקירעוועט די בייזע אויגן צום עולם און געוואָלט מ'זאָל באַשטעטיקן, וואָס פאַר אַ בהמה, אַ פערד זי האָט פאַר אַ טאָכטער:

„מאַריקאַנער ציגן!"

אַ מאָדנע אידענע איז זי געווען.

מיטן זעלבן בייזן קוקעלע, כמעט אָן לשון, האָט זי נאָכדעם אַ וועלט מיט אַרבעט דאָ אָפּגעטאָן.

צוערשט האָט זי פאַר דער אַלטער אויסגעבעט, אַריינגערוקט איר אַ קניש אין האַנט און זי אָוועקגעפירט שלאָפן אין אַ צווייטן צימער. באַלד איז זי פון ערגעץ מיט אַ בעזים געקומען, אָנגעהויבן קערן מיטן בעזים דעם עולם גלייך אַף די פיס און אָן צערעמאָניעס אַלעמען אָפּגעבאָדן:

— אַ שטיינער וואָס שטייט מען דאָ? וואָס איז מען זיך אָנגעלאָפן אַהער?

דער עולם, כמעט אַלע שכנים פונעם זעלבן טענעמענט־הויז, האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסרוקן פון דאַנען. מ'האָט ניט געוואוסט, וואָס איר ענטפערן, דער אידענע; ניט געוואוסט, צי דאַרף מען זאָגן אַ גוטע נאַכט, און לעפּיש צום טונקעלן קאָרידאָר זיך געשאַרט. בלויז איינע, אַ ווייבל מיט אַ היפּשן בוזעם, איז נאָך אַף אַ ווײַלע פאַרבליבן אין הויז. זי איז דאָרט באַם פענצטער אַרום דער מיסעס קאָהן אַרומגעקראָכן, געשטופּט איר אַ פלעשעלע צו דער נאָז און געהאַלטן אין איין בעטן זיך באַ איר:

— נאָך אַ שמעק, מיסעס קאָהן, פּליז, מיסעס קאָהן, ס'איז פאַר די נוירוווס!

איז איר אָבער אויך ניט באַשערט געווען דאָ מאריך ימים זיין...

די דאַרע אידענע האָט זי שוין אַרום דער טאַליע געהאַלטן, זייער איידל צום אַרויסגאַנג זי געפירט און גערעדט צו איר מיט אַ קול, וואָס איז אַ בייז אַ מילד געווען:

— מיסעס — האָט זי געזאָגט און אַליין דערווייל אַ שמעק געטאָן פונעם פלעשעלע — מיסעס, איר'ט מירטשעם יום־כיפּור קומען מיטן באַטעלע. גייט, גייט געזונטערהייט צו אייערע קינדער!

דערנאָך האָט זי זיך שוין אין קיך געפּאַרעט, דערלאַנגט דער מיסעס קאָהן עפּעס עסן אין אַ טיפער שאָל און מיט אַ נאָגנדיק קול אָנעם מיסטער זיך אָנגעקלעפּט:

„אפשר וואָלטן זיי שוין עפּעס גענומען אין מויל'אַריין? וואָס־זשע, זיי וועלן עפּעס מאַכן מיטן הונגער?"

אָנגעקאָרמעט דאָס פּאַר־פאָלק, האָט זי אַ שאַר געטאָן די בליקן איבער דער שטוב, צי האָט זי ניט פאַרגעסן נאָך עפּעס טאָן, זיך איבערצייגט, אַז יאָ, זי האָט שוין אַלץ אָפּגעטאָן; האָט זי אַף אַ ברעג בענקל זיך אוועקגעזעצט, פאַרריסן דעם פאַרטוך צום פּנים און צעווייענדיק דעם דאַרן גוף, אויפגעהויבן אַ געוואַי, גלייך מ'וואָלט זי געקוילעט.

אָרנטלעך, געטריי, פונעם פולן האַרצן האָט זי געוויינט.

בעתן וויינען האָט זי אַלע מעלות פונעם דערהרגעטן יונג אויסגערעכנט. ניט פאַרגעסן דערמאָנען, ווי קליינערהייט האָט ער זייער גוט געקענט נאָכ־קרימען דעם האַרבאַטן לענדלאָרד, און יעדע מעלה האָט זי מיט אַ מין רעפריין פאַרענדיקט:

„אַזאַ דאַימענטענער סעמי, אוי איז מיר!"

פון די שכנישע הייזער האָבן ראַדיאָס זיך געריסן און אָהער זייער גע־פילדער פאַרטראָגן. אַ מיידלש קול האָט אין אַ ראַדיאָ זיך פאַרכלינעט און אַ ליבע־ליד געזונגען:

— „ביג מי־יר ביסטו שיין, פּליז לעט מי עקספּליין..."

אין אַ צווייטער, האָט אַ חזן אַף אַלץ אוועקגעמאַכט מיט דער האַנט: ווייסיך, ליבע־שמיבע. ס'איז אַלץ הבל הבלים. אַ סימן —

„אוי־ווײ אָ־אָ־דם, אָדם! אוי־ווײ, אָדם יסודו מעפר!..."

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שפּעט אין דער נאַכט האָבן נאָך נאָכדעם די ראַדיאָס געגרילצט. נאָר דאָ איז שוין שטיל געווען.

בלויז פון דער באָבעס צימער האָט זיך פון צייט צו צייט געהערט אַ וואָרטשען. זי האָט דאָרט מיטן ציינלאָזן מויל דעם קניש געקוואַטשעט, זיך אָנגעכאַפּט מיטן עובר־בטל׳דיקן מוח אָן עפּעס אַ געדאַנק און געפּרואווט מיט דער צונג אים אַרויסברענגען.

צוגעטוליעט איינס צום אַנדערן ווי פאַר אַ גרויס געפאַר, איז דאָס פּאָר־פאָלק אין בעט געלעגן און אין דער בלינדער פינצטערניש געקוקט. אַ קאַלטער שטיקל הימל האָט דורכן פענצטער אין בעט צו זיי אַריינגעבליקט. אַ ליילעך אָפּן וואַש־שטריק האָט אַלע מאָל אַ פלאַטער געטאָן צום שטיק הימל און פונעם פענצטער אַף אַ רגע אים אָפּגעשטופּט.

זיי האָבן כמעט גאָרניט גערעדט צווישן זיך, דאָס פּאָר־פאָלק.

געוואָלט האָט מען גראָד מיט אַלע כחות רעדן, טרייסטן איינער דעם אַנדערן מיט אַזעלכע גוטע ווייכע רייד. נאָר יעדעס מאָל, ווען מ׳איז שוין גרייט געווען דערצו, האָבן זיך די צונגען פאַרפּלאָנטערט און געזאָגט האָט מען שוין גאָלע גאָרניט.

און איין מאָל האָט ער זיך איינגעשטעלט, דער מאַן. ער האָט איר האַלדז מיט זיין אָרעם אַרומגענומען, אַ בלאָנדזשע געטאָן מיט די פינגער פון דער צווייטער האַנט צווישן די האָר פון איר קאָפּ; באַלד עפּעס אַזוי מאָדנע זיך פאַרשעמט און ס׳איז שוין דערפון אויך גאָרניט אַרויסגעקומען. עפּעס האָט ער איר גראָד יאָ דעמאָלט געזאָגט, נאָר געווען איז דאָס אַזוי נאַריש, אומ־געלומפּערט.

— באָסי — האָט ער געזאָגט — איע ער האָט ליב געהאַט פּיטשעס מיט קרים?

מיט אָט דעם אָנהויב האָט ער געוואָלט אַ לאַנגע געשיכטע דערציילן. רעדן פון זייער היימישער קליין־שטעטלדיקער חתונה, פון דער טאָכטער, וואָס פאַרט אַרום איבערן לאַנד פאַר דער פּאַרטיי, און צום סוף פונעם זון, וואָס איז הינטער טערועל געפאַלן.

קאָן זיין, זי האָט אים פאַרשטאַנען, די פרוי, און דערפאַר איר פּנים אין זיין האָריקער ברוסט גענורעט און געענטפערט פון דאָרט מיט אַ פאַרשטיקט קול:

— וואָלט כאָטש זי, סילוויע, דאָ געווען.

אַ פּיצל קינד האָט עדגעץ באַ אַ שכן זיך צעוויינט. האָבן זיי זיך איינ־

געהערט אינעם קינדערשן געוויין, מקנא געווען אַ יונג פּאַרפּאָלק, וועמען אַ זויגלינג וועקט אויף אינמיטן שלאָף — און מיטאַמאָל אַליין זיך צעוויינט.

געוויינט האָבן זיי כמעט ביז אין טאָג אַריין. מ'האָט זיך נאָך שטייפער ארומגענומען און געבליבּעט אין דער פינצטערער נאַכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַף מאָרגן איז אַ פרילינג־טאָג אין יאַנואַר געווען. לעבּלעכע ווינטע־לעך האָבן מיט בערעזע־סאָק געשמעקט, אַ וואַרעמע זון האָט איבערן הימל זיך געשאַרט און פון קליינע גרויע וואָלקנדלעך געלאַכט.

ווינטער, 1938.